דאָראַ שולנער

# אסתר

אַרויסגעגעבן פון דעם
דאָרא שולנער בוך קאָמיטעט
אין שיקאַגאָ
1949

שפרייז דאָ אַריבער די דאָזיקע בערגלעך,
און קום צו מיר אַ פריילעכער.
מיט קיין געזעלשאַפט פאַרזאָרג זיך ניט,
קום אַליין, און טראַכט בלויז פון מיר,
אַזוי אַז איך זאָל זיין דיין חבר אויפן
גאַנצן וועג.

איוואַן טורגעניעוו.

## סאָוועטן פאַרבאַנד—1922

אַ ווינטערדיקע נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שטעטל ר. איז דרויסן איז געווען אַ ביטערער פראָסט. אין דעם אַנשטאַלט "די מאַמע מיטן קינד", וואַרעם און געמיטלעך. אסתר, די פאַרוואַלטערין פון אַנשטאַלט, האָט היינט געהאַט אַ גליקלעכן טאָג. זי האָט אויסגעפירט ביי דער געזונט־אָפּטיילונג פון דער קינדער היים, אַז זיי זאָלן איר געבן אירע 4 קינדער אויף אַ חודש פאַר וואַקאַציע. די קינדער זיינען אָפּגעהיט אין קינדער היים, אָבער אסתר האָט געבייינקט נאָך זיי. די דערלויבעניש איז דורכגעגאַנגען, און אָט האָט זי אירע קינדער ביי זיך.

די קינדער זיינען אַ גאַנצן טאָג געווען שטיל ווי די קעצעלאַך. זי האָט זיי אָנגעזאָגט צו זיין גוטע קינדער, ווייל דאָ געפינען זיך קראַנקע מענטשן. אסתר׳ס קינדער — צוויי אינגעלאַך און צוויי מיידעלאַך, אמת׳ע מלאכים, איבערהויפּט דאָס עלטסטע מיידעלע, רחל׳ע, וואָס האָט זיך גע־האַלטן מיט דער מאַמען ווי מיט אַן עלטערער שוועסטער, און פלעגט זיך תמיד קלאָגן פאַר איר אַז מ׳מוז די קינדער לערנען, זיי זיינען ווילד. רחל׳עס

שוואַרצע אויגן פלעגן דערביי גלאַנצן מיט טרערן. אסתר האָט רחל׳ען באַרואיקט, אַז זי וועט אויספועלן זיי נעמען אויף וואַקאַציע. אַצינד שלאָפן זיי — יאַנקעלע און הערשעלע אין איין בעט און רחל׳ע און פייגעלע אין דער צווייטער .אסתר קוקט אויף די שלאָפנדע קינדער און זי פילט די פרייד אין אַלע אירע גלידער. אַליין זעט אסתר נאָך אויך אויס ווי אַ מיידל, אינגאַנצן 28 יאָר, אַ שלאַנקע, אַ בויגיקע, קורץ געשאָרן, אַ לעבעדיק באַוועגלעך פנים, אויגן טונקעלע, אַ מויל וואָס שמייכלט האַרציק. צווישן די חברים זאָגט מען אויף איר, אַז זי איז אַ פלאַם־פייער, די ערד טאַנצט אונטער אירע פיס.

איר מאַמע האָט זי זייער יונג חתונה געמאַכט. זי האָט מורא געהאַט פאַר איר אימפעט. און איצט, צו אירע 28 יאָר טראָגט זי די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ מאַמען. שלאָפן אַצינד אירע קינדער אין זייערע בעטן. אסתר׳ן שלאָפט זיך ניט. זי זיצט ביים טיש אין אויפנאַם צימער, דער לאָמפ ברענט העל, די ליכט מאַכט דעם צימער היימלעך. זי האַלט איר קאָפּ אונטערגעשפאַרט מיט אירע הענט. זי פילט נאָך דעם טעם און די וואַרעמקייט פון אירע קינדער, ווי זיי נעמען איר אַרום מיט זייערע הענטעלאך און קושן איר אַזוי וואַרעם. יאָ, וואַרעם און גוט איז דער מאַמען, אָבער די נאַטור פאָדערט און מאָנט פון איר אַ חוב וואָס זי קען אים ניט באַצאָלן. זי גייט צו פאַרזאַמלונגען, העלפט בויען דאָס חרובע לאַנד און איז גליקלעך וואָס זי קען דעם דאָזיקן געפיל פון בייִנקשאַפט בייקומען.

דער זייגער איז איצט 12 נאָך האַלבע נאַכט. אסתר שלאָפט ניט גוט, איז בעסער פאַר איר צו זיצן שפעט און לייענען. זי לייענט אָבער ניט — פאַר אירע אויגן שוועבן איצט פאַרביי בילדער ווי אויפן ליוונט: זי זעט די מלחמה, איר מאַן גייט אַוועק אויפן פראָנט, דערנאָך רעוואָלוציע, פאָגראָמען, זי לויפט מיט אירע קינדער און ווערט געראַטעוועט פון אַלע בייזע שרעקן און שלאַפקייטן. פון איר מאַן האָט זי זינט דער מלחמה און נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, נישט געהערט. יענע צייט איז שוין לאַנג אין דער פאַרגאַנגענהייט. איצט איז זי אין אַ וואַרעמער היים און איז גליקלעך וואָס זי קען העלפן בויען אַ ניי לעבן, ווי אויך דערציען אירע קינדער וואָס נויטיקן זיך אין אַ וואַרעמער היים, די היים ״פאַר דער מאַמען מיטן קינד״, האָט אסתר אַליין געהאָלפן אײַנשטעלן. די שטאָט איז אַ קליינע, און דאָך זיינען דאָ פרויען וועלכע נויטיקן זיך אין דער הילף, ווען די צייט קומט פאַר דער מאַמען צו האָבן איר קינד.

קריסטיע, די אומגליקלעכע גאַסן־פרוי, האָט דאָ אירע ביינער אויס־געגליכן. זי וואַרט אויף איר קינד וואָס וועט קומען אין אַ שיינער, באַפריי־טער וועלט. די שטופּלען אויף איר פּנים זייַנען פאַרשוואונדן. אסתר קוועלט אָן פון קריסטיען. ווען קריסטיע זאָגט איר "טאָוואַרישטש זאַוויעדואיש־טשאַיאַ", מיר איז דאָ אַזוי גוט!" עס איז אויך גוט די אַנדערע פרויען וועל־כע האָבן פריער געמיינט אַז נאָר פאַר קריסטיען איז דאָ אַ היים. דער פייער וואָס האָט די שטאָט פאַרברענט, האָט אַ סך פרויען אַהער געבראַכט, און זיי זייַנען אַציַנד דאַנקבאַר דער רעגירונג פאַר דער היים וואָס גיט זיי רו און פרידן.

אסתר שמייכלט צו זיך אַליין. זי דערמאָנט זיך ווי שווער עס איז געווען די אַרבעט, און ווי גוט עס איז איצט.

דער זייגער האָט געשלאָגן איינס. זי שטעלט זיך אויף, קוקט אויף זיך אין שפּיגל. דער שפּיגל ווייזט איר אַ יונג פריש פּנים. שלאָפן וויל זי נאָך אַלץ ניט, אָבער מען מוז זיך לייגן שלאָפן.

פּלוצלונג דערהערט זי טאָפּען פון פערד, און מענערשע שטימעס. זי ווייסט, אַז עס איז ניט צו איר, ווייל אַהער טאָרן קיין מענער ניט קומען. אימיצער האָט מסתמא פאַרבלאָנדזשעט. באַלד דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר, מיט אַ געבעט אַרייַנצולאָזן מענטשן זיך אָנוואַרעמען. זי עפנט די טיר און דערזעט צוויי רויטע אַרמייער שטייען אַנטקעגן איר, פאַרפראָרענע. זיי ענטשולדיקן זיך פאַר באַאומרואיקן איר בייַנאַכט, זייער מיליטערישע אָפּ־טיילונג איז אין שטאָט געקומען אין דער שפּעטער שעה, דער פראָסט ברענט, זיי האָבן שוין כמעט אַלעמען באַזאָרגט ביז אין דער פרי, אָבער זיי אַליין האָבן נאָך ניט קיין געלעגער.

אסתר באַטראַכט אירע בייַנאַכטיקע געסט. זיי שטייען פאַר איר אין זייערע שינעלן וואָס דערציילן אַז זיי פאַרנעמען אָנגעזעענע אַמטן. איינער אין די פערציקער און דער צווייטער אין די דרייסיקער. זיי שמייכלען און זאָגן: "טאָוואַרישט, לאָז אונז דאָ איבערנעכטיקן. מיר האָבן געזען אַז דו האָסט אַ שטאַל, גיב אונז די שליסל וועלן מיר די פערד אין שטאַל אַריינ־פירן און דיר תמיד געדענקען".

אסתר שטייט אין אַ פאַרלעגנהייט. עס איז שטרייַנג פאַרבאָטן אַז מענער זאָלן דאָ די שוועל איבערטרעטן. אָבער ווי לאָזט מען מענטשן פרירן אין דרויסן? אָן אַ וואָרט צו זיי, עפנט זי ברייטער די טיר. דער אינ־

גערער דריקט איר האַנט זייער עלעגאַנט. זיי געפינען זיך באַלד אינווע־ניק אין צימער.

אסתר גיט זיי דעם שליסל פון שטאַל, און זיי פירן אַריין די פערד און קומען פריידיקע צוריק. זיי טוען אויס די שינעלן און מאַכן זיך באַ־קוועם. אסתר באַטראַכט בײדע חברים און אירע אויגן שטעלן זיך אָפּ אויפן געשטאַלט פון דעם אינגערן: זיין וואוקס ווי אַן אַטלעט, האָר געגרויזטע, טונקל בלאָנד, אויגן פייער—איר האַרץ צאַפּלט און פרייט זיך.

זי בעט זיי צו זיין זייער שטיל, ווייל קיינער טאָר ניט וויסן אַז זיי געפינען זיך אין הויז. זיי באַרואיקן אסתר׳ן אַז זיי וועלן זיין זייער שטיל. דער עיקר, טאַוואַרישטש, בעטן זיי, גיב אונז טיי, אויב מעגלעך. אסתר גייט אין קיך און דער אינגערער באַט זיך אַן צו גיין איר העלפן שטעלן דעם סאַמאָוואַר. אסתר גיסט אַן וואַסער, ער שיט אַריין קוילן, זי גיסט אַרויף קעראָסין, ער טראָגט אַרויס דעם סאַמאָוואַר, צינדט אים אַן און צעבלאָזט די קוילן. עס נעמט ניט לאַנג און דער סאַמאָוואַר קאָכט. דער חבר נעמט אַריין דעם סאַמאָוואַר אין שטוב. אסתר שטעלט אַוועק אויפן טיש גלעזער, ברויט, האָניק. אַלעס ווערט געטאָן מיט פאַרשטענדעניש, פונקט ווי זיי קענען זיך שוין פון לאַנגע יאָר.

פלוצלונג, זי געדענקט ניט ווי אַזוי ס׳האָט פּאַסירט, און דער חבר האַלט איר פעסט אין זיינע אָרעמס. אַ שטראָם לויפט דורך איר לייב. ער דריקט איר פעסט צו זיך און עס שמעלצן זיך צענויף צוויי נשמות. אסתר באַפרייט זיך פון זיינע אָרעמס. איר פּנים פלאַמט פון אויפרעגונג.

זיי רופן אַריין דעם צווייטן חבר טרינקען טיי. און אָט זיצן זיי אַלע דריי ביים טיש און ביידע הערן נישט אויף איר צו דאַנקען. דער עלטערער איז מיד, ענטשולדיקט ער זיך און גייט אַוועק שלאָפן אויף זיין צוגעגרייטן געלעגער. און אָט איז אסתר געבליבן מיט איר בחור אַליין. ער דערציילט איר אַז ער קומט פון אָדעס, אַ געענדיקטער אַרכיטעקט, און אַז ער איז דער קאָמאַנדיר אין דער אָפּטיילונג, וועלכע וועט שטיין אַ שטיקל צייט דאָ אין שטעטל.

זיין שיין ליכטיק פּנים שטראַלט צו איר מיט געבעט, אָבער זי רעדט צו אים ווי צו אַ קינד. דער טאָג, זאָגט זי, איז קליגער פון דער נאַכט. ער הערט זי אָבער נישט, און שליסט איר ווידער איין אין זיינע אָרעמס, דריקט איר צו זיך האַרצן, קושט זי ליידנשאַפטלעך. זי איז פאַרכאַלעשט פון באַ־

גער, אָבער זי רייסט זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס און לויפט אַריין צו אירע קינדער אין צימער.

ווען דער פרימאָרגן האָט אין שטוב אַריינגעשיינט, זיינען שוין אירע געסט ניט געווען. און קיינער האָט אַפילו קיין אַנונג ניט געהאַט אַז עפּעס האָט די דאָזיקע נאַכט פּאַסירט.

אסתר איז דעם פרימאָרגן אויפגעשטאַנען מיט געמישטע געפילן. ווי אַלע טאָג האָט זי זיך גענומען צו איר טעגלעכער אַרבעט, אָבער אירע געדאַנקען זיינען געווען ווייט. און ווען אסתר האָט אין דער מאָרגן־צייטונג אַריינגעקוקט, האָט זי געלייענט אַז זייער שטעטל האָט צוגעקראָגן אַן אָפּטיילונג וואָס וועט שטיין אין שטאָט אַ געוויסע צייט. איבערהויפּט איז זייער געלויבט געוואָרן דער קאָמאַנדיר וולאַסאָוו. אסתר האָט געלייענט די שורות מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווייל קאָמאַנדיר וולאַסאָוו איז געווען דער אינגערער פון אירע צוויי געסט.

ביי טאָג איז איר נייער פריינט געקומען און האָט געבראַכט זיין פּאַקעט פאַר אירע קינדער אַלס אַ מתנה, און פאַר איר מיט אים בילעטן צו גיין אין שטאָטישן טעאַטער. און ווען אסתר האָט זיך געוואָלט אָפּזאָגן, האָט ער זיך פאַר קיינעם ניט געשעמט, גערופן איר "קינד" אַריינגעכאַפּט איר מיט אירע קינדער אין זיינע שטאַרקע אָרעמס. די קינדער האָבן זיך געפרייט, אַזוי ווי זיי וואָלטן זייער טאַטן דערזען.

אסתר איז געווען באַרוישט פון דעם געפיל וואָס ער האָט אין איר אויפגעוועקט. ביז אָט דעם מאָמענט האָט זי ניט געהאַט קיין אַנונג פון אויפבראויז. זי האָט געהאַט קינדער מיט איר מאַן, די קינדער האָט זי ליב ווי איר לעבן, אָבער אַזאַ ליבע האָט זי נאָך ניט פאַרשטאַנען.

אין אָוונט קומען זיי אין טעאַטער. אסתר איז גליקלעך. אַלע וואונדערן זיך — פון וואַנען קען זי אים? ווען האָט זי זיך מיט אים באַקענט? זיי ווייסן שוין אַלע ווער קאָמאַנדיר וולאַסאָוו איז, און דערפאַר איז די ניי־געריקייט געווען אַזוי גרויס. אסתר טראַכט זיך — גיי דערצייל זיי, אַז די נאַכט האָט אים צו איר געבראַכט, אַז איר בענקשאַפט האָט אים געוויזן דעם וועג, אַז דווקא אין איר טיר זאָל ער קלאַפּן.

וולאַסאָוו'ס צייט איז אַ באַגרענעצטע, אָבער אסתר'ן לאָזט ער שוין נישט אָפּ. אסתר'ס חברטעס רינגלען אים אַרום, אָבער ער האָט אויגן נאָר פאַר אסתר'ן. ער האַלט איר אין איין געבן קאָמפּלימענטן. די פרויען און מענער זיינען אין שינעלן געגאַנגען און היטלען אויף די געשאָרענע

קעפּ. אסתר איז אויך געווען אַזוי אַנגעטאָן, און מען האָט איר אַלעמאָל געזאָגט אַז עס קליידט איר זייער שיין. איצט איז דאָס איר צונוץ געקומען. אסתר האָט אַצינד געוואָלט אויסקוקן שיין.

פון יענער נאַכט אָן, האָט איר לעבן באַקומען אַ זין. ווי אַ שמעטער־לינג האָט זי זיך דעם ווינטער דערפילט. אירע קינדער זיינען שוין ווידער אין קינדער היים אַוועק. איר אַרבעט האָט זי געטאָן ווי געוויינלעך, אָבער אין אָונט איז געווען גליק.

שנעל איז דער ווינטער איבערגעלאָפן, און אָט איז דער פרילינג געקומען, און מיטן פרילינג האָט איר ליבע געבליט אויפ׳ס ניי. וולאַסאָוו האָט געהאַט אַ פּראַקטיקע שטימע. ער האָט זייער שיין געזונגען אָפּעראַ אַריעס. נאָך זיינע טעגלעכע פליכטן, איז ער גלייך געקומען צו אסתר׳ן, צוגעריטן מיטן שיינעם פערד צו איר פענצטער און אַריינגעזונגען זיין ליד, און דעם ערשטן קוש איר דורכן פענצטער געגעבן. אסתר׳ן האָט זיך אויס־געוויזן אַז זיין פערד פרייט זיך אויך מיט דער ליבע פון זיין מאַסטער צו איר. אירע טעג האָבן ליכטיק געשיינט. זי איז געווען שכור פון זיין ליבע, איר האָט זיך געדאַכט אַז ערשט איצט האָט זי ענטדעקט דאָס לעבן. ביז וולאַסאָוון איז גאָר קיין לעבן ניט געווען. איר ליבע צו אים איז געווען ברויזנד און זי האָט ניט געזען קיינעם, אויסער אים.

די שטאָט האָט אָנגעהויבן רעדן. אסתר׳ס נאָמען איז אויף אַלעמענס ליפּן געווען. איר שוועגערן, שיינדל, האָט איר אַלע נייס פון שטאָט גע־בראַכט, אָבער אסתר׳ן האָט עס ניט געאַרט. זי איז געווען פאַרכאַפּט פון איר געפיל — וולאַסאָוו האָט געקענט ליב האָבן און אסתר האָט געליבט.

אָבער גליק איז ניט קיין אייביקייט: אין אַ הערבסטיקע נאַכט האָלט וולאַסאָוו אסתר׳ן אין זיינע אָרעמס און זאָגט איר צערטלעך: ״קינד, אונזער אָפּטיילונג פאַרלאָזט די שטאָט, און איך וויל דיר דערקלערן די לאַגע״. שטיל האָט זי איינגעקלאַמערט מיט אירע הענט זיין קאָפּ, און מיט אַ צע־טומעלטן שמייכל אויף אירע ליפּן צו זיין האַרצן צוגעפּאַלן. זי האָט ניט געוויינט, צופיל גליק האָט זי געגאָסן אַז זי זאָל איצט וויינען. זי האָט גע־וואָלט זיין גליקלעך אין די מינוטן און אים מיטגעבן איר גליק אויף זיין וועג.

וולאַסאָוו רעדט צו אסתר׳ן: אַז אויב זי וויל, קען זי מיט אים מיט־פאָרן. ער איז זיכער אַז זיי וועלן ביידע ליידן ווען די צעשיידונג וועט קור־

מען. "קינד" — זאָגט ער — פאָר מיט מיר וואו איך פאָר און די קינדער לאָז אין קינדער היים".

אסתר האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. פילע נעכט איז זי ניט געשלאָפן און בלויז געטראַכט פון דער צעשיידונג און ווידער איבערגעטראַכט. אין אירע שלאָפלאָזע נעכט האָט זי געזען איר גליק, און אויך געזען ווי עס ווערט פאַרשוואונדן. זי האָט געוואוסט אַז איביק וועט ער דאָ ניט בלייבן. זי האָט געמאַכט אַ פאַרגלייך מיט אירע שלאָפלאָזע, איינזאַמע נעכט מיט אַ יאָר צוריק און איז געקומען צו אַ באַשלוס אַז זי וועט אירע קינדער קיין מאָל ניט פאַרלאָזן, אַז ליידן זיינען אָפּטמאָל ליב, מ'דאַרף זיי בלויז קענען באַהערשן. זי ווייס, אַז אין איר זיינען פאַראַן געזונטע כוחות און זי איז זיכער אַז זי וועט זיין די זיגערן. אסתר איז געווען גרייט צו ליידן, אָבער איצט וויל זי זיין גליקלעך...

זי הערט איר געליבטנס רייד און וויל אים זאָגן — רעד ניט, עס קען קיין מאָל ניט געשען — אָבער זי שווייגט. זי טרינקט פון דעם בעכער ביזן סוף... שטאַרקער דריקט זי זיך צו איר געליבטנ'ס האַרץ און שליסט זיין מויל מיט אירע ליפּן.

און אָט איז די לעצטע נאַכט געקומען. זיי שטייען אַצינד אין דרויסן ביי דער טיר, ביי דער זעלבער טיר דורך וועלכער זי האָט אים אין יענער קאַלטער ווינטער נאַכט אַריינגעלאָזט. אסתר האָט מיט ווייטעק געטראַכט אַז זי וועט ניט פאַרלאָזן אירע קינדער. זי איז געשטאַנען ביי זיין זייט און האָט אים געפילט אין אַלע אירע איברים. זי האָט געוואוסט אַז דאָס שטייט זי לעבן אים דאָס לעצטע מאָל. זי הערט זיינע ווערטער. ער בעט זיך ביי איר: — קינד, איך בין אַ סאָלדאַט, איך מוז זיין דאָרטן וואו מ'שיקט מיך. דיר האָב איך ליב און וויל אַז דו זאָלסט מיט מיר פאָרן. די קינדער לאָז אין קינדער היים. אסתר שוויגט. די מוטער־ליבע איז ביי איר געווען שטאַרקער און זי האָט געוואונען. אָן די קינדער וועט קיין גליק ניט זיין, און אויב בענקען, איז בעסער נאָכן געליבטן...

וולאַסאָוו האַלט אירע הענט אין זיינע, ער קוקט איר שטיל אין די אויגן און ער וואַרט. אָבער אסתר'ס ענטפער איז געווען אַ ציטערדיקער — ניין. זי האָט זיך באַפרייט פון איר געליבטנס אָרעמס און איז צוגעפאַלן צו זיין שיינעם פערד, וועלכער איז מיט אים אין יענער ווינטער נאַכט געקומען. דער פערד איז געשטאַנען די גאַנצע צייט, געדרייט מיטן קאָפּ פון איינעם צום צווייטן, אַזוי ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען זייערע רייד. ווען דער

פערד האָט דערפילט אסתר'ס הענט, האָט פרייד אַרויסגעשפּאַרט פון זיינע צווישן־ציין. זיינע נאָזלעכער האָבן זיך באַוועגט. זי האָט אַרומגענומען זיין האַלדז, איינגעגראָבן איר קאָפּ אין זיין גריווע. זיינע לאַנגע האָר האָבן אירע טרערן איינגעזאַפּט.

נאָכאַמאָל געפינט זי זיך אין איר געליבטנס אָרעמס — דער לעצ־טער קוש. ער שפּרינגט אַרויף אויפן פערד, בייגט זיך צו איר צו. ער זאָגט איר די צערטלעכסטע ווערטער. זי הערט זיין קול — זיי געזונט קינד. דער געלויף פון פערדס קאָפּעטעס האָבן אסתר'ן אויפגעוועקט ווי פון שלאָף. אסתר איז געשטאַנען אין דער פינצטערער נאַכט איינע אַליין. דער געלויף פון פערד האָט זיך נאָך אַלץ געלאָזט הערן אין דער שטילער נאַכט. דער רייטער מיטן פערד זיינען פאַרשוואונדן.

.2

## אויף מאָרגן

אסתר'ן האָט די נאַכט קיין שלאָף ניט גענומען. ליגן אין בעט איז איר געוואָרן שווער. האָט זי זיך אָנגעטאָן. זי האָט געוואָלט אַריבערלויפן צו וואָלאָסאָפּן זען צי איז ער טאַקע די נאַכט אָפּגעפאָרן פון שטאָט. דער זייגער איז געווען 4 פאַרטאָג. שטיל ווי אַ גנב האָט אסתר די טיר גע־עפנט. אַ פריש פרימאָרגן ווינטעלע האָט אויף איר פּנים אַ ווייע געטאָן. די בוימער האָבן שטיל גערוישט און די בלעטער, פאַרוועלקטע, זיינען פון די צווייגן געפאַלן. געלע בלעטער. וואָס אין פרילינג זיינען זיי געווען בליענד. אסתר גייט איבער דער סטעזשקע פון גאָרטן. זי זעצט זיך אויף אַ באַנק און קוקט אויף דעם בנין וואָס רופט זיך "מאַמע און קינד". גרויסע טרערן קייקלען זיך איר פון די אויגן. ערשט ניט לאַנג איז זי אויפן זעלבן באַנק געזעסן אַ גליקלעכע און גערעדט מיט איר געליבטן פון אַ באַפריי־טער וועלט. אירע געדאַנקען האָט אסתר תמיד אַרויסגעבראַכט פריי אַז דאָס לעבן טאָר ניט זיין קיין צוואַנג, ווייל מענטשן קאָן מען קיין קייטן ניט אָנטאָן; זיי דאַרפן זיין פולשטענדיק פריי.

אסתר זעט אַז קייטן דאַרף קיינער קיינעם ניט אָנטאָן; קייטן פאַרשליסן אָפטמאָל דעם מענטשן מיט זיין אייגענעם ווילן. איצט וואָלט זי געקענט זיין לעבן איר געליבטן, פילן זיינע לאַסקעס, זיין מיט אים גליקלעך, אָבער זי ווערט פאַרציטערט פאַר דעם געדאַנק. ווען זי דערזעט פאַר אירע אויגן אירע קינדער. זי זעט זיי מיט פאַר׳חידוש׳טע פנימלעך ווי זיי זוכן זייער מאַמען. ווי קען גאָר אַ מאַמע טראַכטן פון פאַרלאָזן קינדער? אסתר זיצט נאָך אַלץ אַ צעבראָכענע אויפן באַנק. זי דערמאָנט זיך אָן איר שוועגעריין שיינדלען וואָס וויים עפּעס און וויים גאָרניט. אודאי וועט שיינדל איר היינט ברייגגען די נייס וואָס די שטאָט זאָגט. ווען אסתר שטעלט זיך אויף צו גיין, זיינען שוין אירע געדאַנקען לויטערער. זי וויל וולאַסאָפן מער ניט זען. זי גייט צוריק אַריין אין שטוב; זי פילט אַ מידקייט אין אַלע גלידער. אַלע אין אַנשטאַלט שלאָפן נאָך געשמאַק. זי שאַרט זיך אַריין אין איר צימער; וואַרפט זיך אַריין מיט די קליידער אין בעט און דער געזונטער שלאָף איז איר גובר.

אַ הערבסטיקע זון האָט געלויכטן. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג ווען אסתר האָט געשווינד אירע קליידער צערעכט געמאַכט. דעם פּנים אין אַ סך קאַלטע וואַסער געוואַשן. זי האָט ניט געוואָלט מען זאָל דערקענען איר טרויער. איצט איז זי די פאַרוואַלטערין פון אַנשטאַלט "די מאַמע מיטן קינד". פון איר זכרון שטופּט זי אַרויס אַלע אירע סענטימענטן; זי מוז באַלד גיין אין דער געזונט־אָפּטיילונג אָפּגעבן אַ רעכענונג. דערנאָך דאַרף זי גיין צו דער פּראָדוקטן אָפּטיילונג און נעמען די שפּייזן פאַר אירע קראַנקע. אסתר׳ס פּנים האָט איצט געשמייכלט ווי אַלע טאָג. אירע חברים האָבן ליב געהאַט איר שמייכל און זי האָט ביי קיינעם גאָרניט געוואָלט צונעמען.

ביז 2 אַזייגער נאָכמיטאָג איז זי געווען פאַרנומען, אָבער באַלד ווי איר אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, איז זי מיט שנעלע טריט געלאָפן זען אירע קינדער, וואָס זיינען תמיד געווען פאַרבענקט נאָך זייער מאַמען. זיי זיינען איר אַנטקעגנגעלאָפן מיט פרייד און אַלע האָבן איר פאַרן קלייד געהאַלטן. אסתר׳ס געמיט איז געווען אַ שווערער, אָבער אירע קינדער, ווי די פייגעלעך האָבן איר אַרומגערינגלט. זי גייט מיט זיי אַריין אין שפּילצימער. די אַנדערע קינדער קוקן מיט קנאה וואָס אירע קינדער האָבן אַ מאַמע און זיי ניט. אסתר רופט צו אברהמעלען (אברהמעלע האָט קיינעם ניט, אַ קיילעכדיק יתומל). ער קומט צו פאַרשעמט. אסתר נעמט אים אויף

איר שויס. אברהמעלע קוקט מיט נצחון אויף פייגעלען, ווייל ער זיצט איצט אויף אסתר'ס שויס. פייגעלע וויל אים אפשטופן, זי וויל די גאנצע מאמע פאר זיך. אסתר נעמט פייגעלען ארום מיט איין האנט, אברהמעלען מיט דער צווייטער און דערציילט אלע קינדער א שיין מעשה'לע. די קינ־דער לאכן הארציק און אסתר לאכט מיט. רחלע, יאנקעלע און הערשעלע זעצן זיך אויס ארום אסתר'ן און שעפן נחת פון זייער שיינער מאמע וואס איז צו זיי ווי א גרויסע שוועסטער. איבערהויפט פילט עס רחלע ווען זי דערציילט און רעדט זיך אויס פאר איר מאמען ווי די קינדער פארמאטערן זי און זיי וויינען ביינאכט און רופן: מאמע! איצט לאכן די קינדער ווען רחלע קרימט זיי איבער ווי זיי וויינען ביינאכט און רופן: "מאמע, מאמע"!

די לערערן איז ארייגעקומען, זיך ענטשולדיקט פאר אסתר'ן אז די קינדער דארפן איצט גיין אין זייער קינדער־צימער. די זעאונג האט זיך געענדיקט. אסתר קושט די קינדער. אברהמעלע וויל נאך א קוש, שטעלט ער אן זיין בעקעלע און ווייזט מיטן פינגערל: נאך א קוש. אסתר גיט אים. פאלט ער צו צו איר, קלאמערט זיך איין מיט זיינע קליינע הענטעלעך אין איר באקן און קושט איר ליידנשאפטלעך.

ווען אסתר פארלאזט די קינדער־היים, פילט זי א זעליקע רואיקייט אין אלע איברים.

.3

## אסתר'ס קינדהייט

אסתר איז געווען די אינגסטע ביי איר מוטער. דעם טאטן האט אסתר ניט געדענקט. זייער פרי איז ער אוועק אין דער אייביקייט. פון איר מוטער דערוויסט זי זיך זייער פיל זאכן. זי דערמאנט קיינמאל ניט איר פאטער צו גוטן, ווייל ווען ער האט געלעבט, האט זי סיי ווי סיי שווער געמוזט הארעווען און אים נאך געדארפט אונטערטראגן זיין עסן און טרינקען. קיי־נעם האט ער ניט געטרויעט צו געבן אים עסן.

אסתר האט אין זיך ארייגעזאפט דער מאמעס ביטערע רייד און נאך

אַלס קינד זיך דערוואוסט דאָס שווערע לעבן פון איר מוטער און נאָך אַזעלכע וואָס ליידן אַלע יאָרן און טראָגן דעם שווערן יאָך פון אָרעמקייט.

אסתר׳ס עלטערע ברידער און שוועסטער זיינען שוין געווען פון לאַנג אויסגעגעבן. מיט זייער מוטער זיינען זיי געווען פון ווייטן. ס׳האָט זיי פאַרדראָסן וואָס די מאַמע גיט נאָך אסתר׳ס קאַפריזן. זיי האָבן ניט געזען ווי שווער אסתר האָרעוועט. זיי האָבן זייער מוטער באַשולדיקט און צוגעגעבן: ״זאָל איר די מויד העלפן!״ די ״מויד״ — האָבן זיי געמיינט אסתר׳ן.

אין יענער צייט איז דער בונד געווען דער דערציער פון דער יוגנט, און אסתר האָט באַלאַנגט אין ״יונגן בונד״.

איר מוטער — רייזל די ברויט בעקערן — איז געווען שטאָלץ מיט איר מיזינקע. די אַרבעט איז זיי ביידן ניט געפאַלן שווער. אַלע האָבן ביי רייזלען געקויפט ברויט. פרויען האָבן ליב געהאַט קומען צו רייזלען זען ווי אסתר קנעט דאָס ברויט. זייער פלינק האָט אסתר, מיטביידע הענט אין דער דייזשע געקנאָטן דאָס ברויט. ביי איר איז דאָס געווען אַ מין שפּיל, און בעת מעשה האָט זי גאָר געטראַכט פון דער בירזשע אויף דער פּאָטשט־אָווער גאַס וואו די חברים און חברטעס פון ״יונגן בונד״ וואַרטן אויף איר. אָדער אַז שבת, אין וואַלד, וועט רעדן דר. שפּילבערג.

אָפטמאָל האָט איר איר מאַמע דערמאָנט, אַז עס איז גענוג געקנאָטן. ״וואָס האָסטו זיך אַזוי צוגעכאַפּט? רו זיך אָפּ!״

אָבער אסתרן איז גאָרניט איינגעפאַלן אַז זי איז מיד. אַ געפאַקטע, מיט אַ צאַרט, שמייכלענדיק פּנים, קוקט זי אויף איר אַלטער מאַמען און וואונ־דערט זיך אויפן וואָרט ״מיד״. וואָס איז עס אַזוינס? קען מען דען זיין מיד פון אַרבעט?

15 יאָר איז דאַן אסתר אַלט געווען. איר מאַמע האָט איר תמיד גע־האַלטן אין איין אָפּשפּרעכן גוט־אויגן פון וועלכע איר מויל פלעגט ווערן צעריסן און מיט נצחון אויסשפּייען: ״פּאָ־פּאָ־פּאָ, אויף אַלע פּוסטע וועלדער, אויף אַלע פּוסטע פעלדער, זיי עסן מיר אויף מיין קינד״. און וויפיל אסתר פלעגט לאַכן און זאָגן: ״זע, מאַמע, ווי איך בין געבליבן גאַנץ״ — איז גע־ווען אַרויסגעוואָרפענע רייד, ווייל, יעדע קונה׳טע האָט זיך ביי איר מאַמען געוואָלט דערוויסן מיט וואָס זי האָדעוועט אסתר׳ן וואָס זי זעט אויס אַזוי לויטער און פריש.

איר מאַמע רייזל פלעגט מיט טרערן אין אירע אויגן זאָגן צו אירע קונים:

„האַרציקע מיינע, איר קויפט ביי מיר ברויט און מיר האַרעווען אַזוי שווער. צו וואָס דאַרפט איר זיך דערפרעגן? גאָט האָדעוועט מיר מיין קינד און ער גיט איר פרישקייט. גייט געזונטערהייט!

„גרויסע אויגן פאַרגינען ניט דאָס לעבן" — פלעגט זי פאַרענדיקן ווען די ווייבער זיינען אַוועק.

אסתר איז זייער פרי געוואָרן צייטיק. איר מאַמע רייזל האָט זיך גע־שראָקן פאַר איר צייטיקייט און שטילערהייט געזוכט פאַר איר אַ שידוך.

אסתר, מיט איר גאַנצער אפערדיקייט איז נאָך געווען אַ קינד. אין וואַלד איז זי געלאָפן ניט צוליב אידייען, נאָר צוליב ווען זען מענטשן און הערן קלוגע רייד.

די יוגנט האָט אין וואַלד אויפגעבליט. אין שטאָט האָט אסתר בלויז געזען אָרעמקייט און אומעט.

שבת, נאָכן עסן, ווען איר מאַמע האָט זיך צוגעלייגט שלאָפן נאָך אַ וואָך שווערע האָרעוואַניע, האָט זיך אסתר געגעבן אַ פוץ אויס אין איר שבת'דיק קליידל, אַ פאַרקעם דעם געדיכטן, געשוירענעם קאָפּ; דאָס יונג פנים האָט געבליט, אויגן פייער, ליפן ווי רויטע מאַלינעס. אַלע אברים האָבן אין איר געיובלט.

אז אסתר האָט זיך באַוויזן זומער אין וואַלד, האָבן אירע חברים און חברטעס פון „יונגן בונד" זי באַוואונדערט. אויך די עלטערע אַנפירער האָבן די אויגן ניט אַרונטערגענומען פון איר געשטאַלט.

אָבער איר מוטער האָט דערגרייכט אירס. געפונען פאַר איר אַ בחור וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון מיליטער. אסתר איז אים באַלד גע־פעלן געוואָרן און אָן טענות האָט אסתר'ס מאַמע געשריבן תנאים און באַלד געפּראַוועט די חתונה און פטור געוואָרן פונעם חמץ...

טיף אין האַרצן האָט אסתר פּראָטעסטירט. זי האָט ניט געוואָלט דעם חתן, אָבער קיין אַנדערן ניט ליב געהאַט. טאָ פאַרוואָס ניט נעמען דעם? ובפרט איר מאַמע האָט זי אָנגעשראָקן: „געדענק מיין קינד, איך בין שוין זייער אַלט, אָט אַזוי ווי דו זעסט, קען איך געבן אַ שטאַרב. ביי ווע־מען וועסטו בלייבן? דיינע שוועסטער און ברידער וועלן דיר אויף זייער שוועל ניט אַריבערלאָזן. וואָס־זשע דען? דו וועסט דאַרפן זיין אַ דינסט ביי יענעם, ניאַנטשען קינדער, בעסער, מיין קינד, האָב פאַר אים חתונה. ער איז אַ וואוילער און אַ גוטער, דו וועסט האָבן קליידער ער איז אַ גוטער פאַרדינער, האָט גאָלדענע הענט. זאָג „יאָ" מיין קינד...

האָט אסתר געזאָגט—"יאָ".

און אסתר געדענקט ניט, ווי אין עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה זיי־נען געבוירן געוואָרן די קינדער. איר מאַן, לייבל, האָט גיכער געפּאַסט פאַר איר מוטער. שטונדן לאַנג פלעגן שוויגער און איידעם ריידן. זיי האָבן געמאַכט פּלענער ווי גרינגער צו מאַכן דאָס אָרימע לעבן.

אסתר האָט געבליט ווי צו אירע 15 יאָר. די מאַמע האָט די קינדער געניאַנטשעט און זי איז נאָך אַלץ געגאַנגען צו אירע מיטינגען, שטילע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד. דאָרט האָט מען אַלץ געוואוסט...

און אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז איר מאַן, לייבל, געווען פון די סאַמע ערשטע צו גיין אין מלחמה.

לייבל פאַלט אַריין אין פּלען. נאָכדעם קומט די רעוואָלוציע. שפּע־טער—פּאָגראָמען. אסתר׳ס מוטער שטאַרבט. ווי דורך נסים איז זי מיט די קינדער לעבנגעבליבן, ווי אויך אירע שוועסטער, ברידער און איר ברו־דערס פרוי שיינדל מיט איר מיידעלע. מ׳הויבט אָן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. דאָס לעבן הייבט זיך אָן איינשטעלן.

אסתר אַרבעט שוין אין אַנשטאַלט "די מאַמע מיטן קינד" און האַלט אירע קינדער אונטער אירע פליגל.

די רויטע אַרמיי פאַרטרייבט די רעשטלעך פון די באַנדיטן און הייבט אָן בויען דאָס נייע לעבן. מער קיין פּאָגראָמען קומען שוין ניט פאָר. אסתר פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט, זי העלפט אויפבויען די היים פאַר "די מאַמע מיטן קינד". זי טוט איר אַרבעט מיט ליבע. זי האָט אָבער דערפילט אַז זי איז אַליין. זי האָט געבענקט נאָך איר מוטער מער ווי נאָך איר מאַן. זי האָט איר מאַן כמעט ניט געקענט. אירע שוועסטער און ברידער זיינען מיט אסתרן געווען פון וויטנס. די איינציקע וואָס האָט אסתרן זייער ליב גע־האַט איז געווען איר שוועגערן שיינדל, כמעט אין די זעלבע יאָרן ווי אסתר. איר מאַן, הערשל, אסתר׳ס ברודער, איז פאַר דער מלחמה אַוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע, איבערלאָזנדיק שיינדלען מיט אַ קליין קינד, אַ מיידעלע פון צוויי יאָר. איז שיינדל אויך געווען אומעטיק, אָבער ניט אַזוי ווי אסתר׳ן.

שיינדל האָט איבערגענומען אסתר׳ס מלאכה פון באַקן ברויט און שטיין אויפן מאַרק פלעגט זי קומען נאָכן טאָג האַרעוואַניע צו אסתר׳ן און ביידע שוועגערינס האָבן זיך פאַרטרויעט זייערע בענקשאַפטן, ביז עס איז געקומען אין אסתר׳ס לעבן וואָלאָדיאַ.

שיינדל האָט אַלץ געוואוסט פון פרעמדע. איר האָט ווי געטאָן וואָס אסתר באַהאַלט זיך פון איר. און איצט, אַז די שטאָט האָט גערעדט, אַז אסתר איז געבליבן ווי אַ נאַר, האָט עס שיינדלען זייער ווי געטאָן און זי האָט זיך אַנגענומען מיט האַרץ. זי וועט ריידן מיט אסתר׳ן און איר זאָגן אַז זי ווייסט אַלץ, זי דאַרף זיך ניט באַהאַלטן! בעסער אַז מען ווייסט פון דער ערשטער האַנט, ניט פרעמדע מענטשן זאָלן זי באַריידן פאַר איר. אָבער שיינדל האָט שוין אַוועקגעשיקט צו איר מאַן אַ בריוו, אים געבעטן ער זאָל העלפן אסתר׳ן מיט די קינדער; זי וועט אָן אסתר׳ן קיין אַמעריקע ניט פאָרן. וואו וועט זי איר איבערלאָזן מיט די קינדער. שיינדלען טוט ווי דאָס האַרץ אויף אסתר׳ן מיט די קינדערלעך, און געבעטן איר מאַן ער זאָל זיי אַלעמען אַרויסנעמען קיין אַמעריקע.

ווער קען זיך פאָרשטעלן שיינדל׳ס פרייד, ווען זי האָט דערהאַלטן די ערשטע בריוו פון איר מאַן וואו ער שרייבט אַז ער גלויבט זיך קוים אַז זיי זיינען אַלע לעבנגעבליבן פון די פּאָגראָמען און ער קאָן איר אָנזאָגן אַז ליבל, אסתר׳ס מאַן, געפינט זיך שוין ביי אים פון עטלעכע חדשים. ער האָט אים אַריבערגענומען פון פּלעצן און איצט אַרבעטן זיי ביידע אין אַן איינן געשעפט. ליבל שרייבט צו אסתר׳ן אַ באַזונדערן בריוו.

אַ פאַרפּלאָנטע, מיט ביידע בריוו אין די הענט, לויפט איצט שיינדל צו איר שוועגערן איר אויפמונטערן, אַז אָט, אָט, זיינען זיי שוין אין אַמע־ריקע! איר מיידעלע לויפט נאָך דער מאַמען. זי האָט אויך ליב די מומע אסתר.

לויפן ביידע, די מאַמע מיט דער טאָכטער, פריידיקע, אָנזאָגן די גוטע בשורה אַז — זאָרג זיך ניט אסתר, דיין מאַן לעבט און דו ביזט שוין אַ גליקלעכע.

אַזוי לויפנדיק האָט שיינדל באַגעגנט ברכה׳ן, אסתר׳ס עלטערע שווע־סטער. אויך זי גייט צו אסתר׳ן אויסבייטלען אַלע חלומות אויף איר קאָפּ!

"האָסט שוין געהערט, אַזאַ חצופה! זי האָט דאָך געפירט אַ ליבע מיטן סאָלדאַט. אָט ערשט זיך דערוואוסט פון יוכבד׳ן. זי האָט אַליין געזען מיט אירע אויגן ווי זי האָט זיך געקושט מיטן סאָלדאַט. ווי געפעלט דיר אַזאַ אומגליק?"

שיינדל שמייכלט און באַרואיקט ברכה׳ן, אַז מער קיין אומגליק זאָל ניט זיין. ערשטנס, קען עס זיין אַ ליגן, און צווייטנס גייט זי איצט צו

אסתר'ן איר אָנזאָגן די גוטע בייס, אַז אים ירצה השם, וועלן זיי אינגיכן פאָרן קיין אַמעריקע.

ברכה בלאָזט זיך אָן און זאָגט:

"זע נאָר, זע! פּונקט ווי הערשל איז נאָר אסתר'ס ברודער. פאַרוואָס ביזטו ניט געלאָפן צו מיר?

שיינדל זאָגט רואיק: "ברכה, פאַרשטיי דיין שוועסטער, זי איז מיט פיר פּיצלעך קינדער, איר אַלע ווילט איר ניט קענען, אַלע חסרונות זוכט איר אויף איר, איז צו וואָס אַייך קומען דערציילן מעשות נאָך איידער איך רעד מיט אסתר'ן? אַז מיר וועלן האַלטן ביים פאָרן, וועט איר אַלע וויסן. דערווייל פאָרן מיר נאָך ניט און אויף אַן אייגענער שוועסטער גלויבט מען ניט קיין שלעכטס."

ברכה הויבט אויף איר קול מיט רוגזה: "אודאי זיינען מיר אומגע־רעכט. זיך אַריינגעלאָזט מיט זיי... וואָס איך וויל זייער נאָמען ניט דער־מאָנען, און הערשעוועט איבער אונדז. פריער האָט זי געהערשעוועט ביי דער מאַמען אין שטוב און איצט אין דער גאַנצער שטאָט און טוט אונדז נאָך אָן בזיונות אויך".

שיינדל בעט ברכה'ן בעסער צו אסתר'ן ניט גיין.

"גייט געזונטערהייט אַהיים, איך וועל שוין מיט איר אַליין רעדן".

און ווען ברכה, אַ צעקאָכטע, דערווייטערט זיך פון שיינדלען אָן אַ גוטן טאָג, קוקט שיינדל נאָך ברכה'ן און קען ניט פאַרשטיין, ווי קענען אייגענע שוועסטער זיין אַזוי פרעמד?

שיינדל בעמט איר פרימינקען פאַרן הענטל, גייט לאַנגזאַם און וויל גע־ווינען צייט צו טראַכטן.

זי מאַכט פּלענער, שיינדל, אָבער ווען זי קומט אַריין צו אסתר'ן אין צימער, ווערן אַלע אירע פּלענער צערונען. ניטאָ וואָס צו רעדן. שיינדל פאַרגעסט אַפילו אָן די בריוו, אָנצוזאָגן אסתר'ן אַז איר מאַן, לייבל, לעבט.

אסתר, אַן אומגליקלעכע, ליגט אין בעט. איר עלטערע מיידעלע רחלע, זיצט לעבן איר. מאַמע און טאָכטער, ביידע זעען אויס פאַרווייטנט. טוט שיינדלען וויי דאָס האַרץ פאַרוואָס מען באַרעדט אסתר'ן, אַז זי איז גאָר אַזוי קראַנק, קוים וואָס די הויט האַלט זיך אויף איר. און אסתר איז אַ מאַמע, קען דען אַ מאַמע טאָן שלעכטס?

אסתר בעט שיינדלען זיך זעצן און שיינדל דערמאָנט זיך אַז איצט איז די בעסטע צייט צו רעדן מיט אסתר'ן.

זי נעמט אַרויס בײדע בריוו און בעט אסתר'ן זי זאָל פאַר איר אי־בערלײענען לײבל'ס בריוו.

"הערשל שרײבט מיר אַז ער איז זיך מיט לײבלען גאָר מחיה".

"און לאָמיר הערן וואָס זאָגט דײַן מאַן, אסתר?"

אסתר האַלט דעם בריוו אין איר האַנט. רחל'ע צאַפּלט זיך: "מאַמע, לײען מיר דעם בריוו פון טאַטן? וועלן מיר טאַקע פאָרן קײן אַמעריקע? דער טאַטע לעבט! אײַ ווי ס'וועלן זיך פרײען די קינדער...

אסתר רײסט פּאַמעלעך אויף דעם קאָנווערט, לײענט פּאַרזיכטיק וואָרט אין וואָרט. איר מאַן לײבל איז איבערגליקלעך וואָס הערשל האָט אים צו זיך אַריבערגעבראַכט און איצט וואַרטן זײ בײדע אויפן גוטן טאָג ווען זײערע פאַמיליעס וועלן בשלום אַריבערקומען קײן אַמעריקע.

"זאָרג זיך ניט ליבע אסתר. דו מיט אונדזערע קינדערלעך וועלן נאָך זײַן גליקלעך".

דאָ גײט אַ גאַנצער צעטל ליבע ווערטער פון בענקשאַפט און דער־וואַרטונג אויף דער שעה ווען זײ וועלן בשלום קומען צו אים. און ווײסט זען אַז אַלץ וועט נאָך זײַן גוט...

בײם וואָרט "גוט", שמײכלט אסתר ביטער. נײן, עס וועט איר שוין קײן מאָל גוט ניט זײַן. גוט וואָלט איר געווען ווען זי האָט קײנמאָל ניט חתונה. איצט איז זי אַ געבונדענע מיט קײטן אויף אירע הענט און פיס. שײנדלען איז גוט. זי קען עס זאָגן, אָבער ניט זי.

שײנדל פאָלגט נאָך אסתר'ס באַוועגונגען און וואַרט אויף אַן ענט־פער.

אסתר האָט זיך גאָר פאַרגעסן צו ענטפערן שײנדלען. ווי פון אַ שלאָף האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און דערזען שײנדלען וואָס זיצט אַזוי שטיל. און וואַרט. שײנדל קען וואַרטן אַז מען דאַרף.

פילט שײנדל אַז זי וועט מיט איר שווערן אַצינד ניט רעדן. עס איז ניט די צײַט.

זאָגט זי צו רחלען: "קום, רחלע, וועלן מיר צוגײן צו די קינדער אין קינדער הײם. מאָרגן וועלן מיר דאָ זײַן, יאָ, אסתר?"

אסתר האָט ניט קײן כח אַפילו פונם בעט אַרונטער. ענטשולדיקט זיך פאַר שײנדלען און איז איר דאַנקבאַר פאַר איר פאַרשטענדעניש וואָס זי נעמט רחל'ען אין קינדער הײם. זי קושט איר קינד צערטלעך, קושט פרימינקען. שײנדלען דאַנקט זי פאַר אירע שוועסטערלעכע געפילן.

אסתר בלייבט אַליין. ווי אין אַ טומאַן זעט זי איר לעבן. זי וויל ניט דערמאָנען זיין נאָמען, אָבער אין איר האַרצן איז דער נאָמען באַגראָבן אויף אייביק.

יאָ, זי וועט פאָרן צו איר מאַן באַשליסט אסתר. שיינדל ווייסט פון גאָרנישט און קיינער וועט איר לייבלען גאָרנישט דערציילן און איר לעבן וועט זי אין אַמעריקע פאָרטזעצן גאָר אַנדערש. די אסתר איז טויט. דאָרט וועט זי ברייגגען צום מאַן גאָר אַן אַנדערע...

נאָכאַמאָל לייענט זי דעם מאַנ׳ס בריוו. אַ נייער געפיל ווערט אין איר געבוירן. פלינק גיט זי אַ שפרונג פון בעט, פוצט זיך אויס. היינט ווערט געשפּילט אַ נייע פאָרשטעלונג. באַריס האָט איר צוגעשיקט אַן איינלאַדונג, איז פאַרוואָס ניט גיין אין טעאַטער?

טעאַטער האָט אסתר ליב ווי איר לעבן. זייער אָפט העלפט זי אַרויס מיט אַ ראָלע, ווען מען דאַרף. אויך איז זי פאַראינטערעסירט אין די שוי־שפּילער. אַלע יונגע מיידלעך און בחורים וואָס ברייגגען פרייד אויף דער בינע... איבערהויפּט גאַטלין, וועלכער איז געקומען פון אַמעריקע. יענער קערט ממש וועלטן.

היינט שפּילט מען יעקב גאָרדינ׳ס ״די שחיטה״ און דער אַמערי־קאַנער שפּילט די הויפּט ראָליע.

אסתר האָט נאָך ניט פאַרענדיקט איר טואַלעט, ווען מ׳האָט אָנגע־קלאַפּט אין טיר. אויף אסתר׳ס ענטפער ״אַריין״, האָט זיך אין טיר באַ־וויזן חבר באַריס, אַ קרעפּטיקער, שיינער בחור, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר.

באַריס איז אין אסתר׳ן פאַרליבט און ווייס אַז אסתר האָט אים ליב ווי אַ חבר.

איצט, ווייסנדיק אַז וולאַסאָוו איז מער ניטאָ און קיינער שטייט אים ניט אין וועג, באַזוכט ער אסתר׳ן כמעט אַלע טאָג.

ער מונטערט זי אויף, נעמט איר צו מיטינגען, לייענט פאַר איר זיינע שאַפונגען. ער שרייבט פיינע לידער און אסתר איז צו אים ווי אַ שוועסטער וואָס וויל איר ברודער דערציילן פון איר בענקשאַפט.

מיט זיין אַריינקומען האָט זיך אסתר אויף אַן אמת דערפרייט, און מיט פאַרגעניגן אָנגענומען די באַגלייטונג צו גיין מיט אים זען די פאָר־שטעלונג.

דערווייל בעט אים אסתר זיך מאַכן באַקוועם. ״זעץ זיך, באַריס״.

באָריס ווערט בייגעריק, שטעלט אָן זיינע קלוגע אויגן אויף אסתר׳ן. ער שווייגט ביז אסתר הייבט אָן רעדן.

שטיל רעדט זי פון איר יוגנט, פון אירע קינדער וואָס זיינען איר אַזוי טייער. מיט קיין איין וואָרט דערמאָנט זי ניט אירע באַציאונגען וואָס זיינען איבערגעריסן געוואָרן און האָבן איבערגעלאָזט טיפע וואונדן אין איר האַרצן.

זי רעדט מיט באָריסן וועגן דעם בריוו פון איר מאַן וואָס איז איר אָנגעקומען אויף שיינדל׳ס אַדרעס און פרעגט אים צי ס׳איז מעגלעך ער זאָל איר העלפן פאַרלאָזן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד מיט דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג.

באָריס קוקט אויף אסתר׳ן. ער וויל איר דערציילן פון זיין שטאַר־קער ליבע צו איר. שוין יאָרן ווי ער וויל איר דערמאָנען, אסתר׳ן, אַז נאָך אין ״בונד״, שוין לאַנג, לאַנג צוריק, ווען זי, אסתר, איז נאָך געווען אַ קינד, האָט ער פון איר געטראַכט. ער וויל איר דערמאָנען אַ סך מינוטן פון זייער חברשאַפט .אַפילו איצט האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד און אַלץ אַ דאַנק איר, אסתר׳ס אינספּיראַציע. גראַד איצט, ווען זי איז געבליבן פריי, וויל ער איר ווערן דער נאָענטסטער מענטש.

אָבער קוקנדיק אויף אסתר׳ס ענטשלאָסענעם אויסדרוק, האָט ער פאַרביסן די ליפּן און געזאָגט:

״אסתר, איצט גייען מיר אין טעאַטער. לאָמיר בעסער רעדן וועגן די דערגרייכונגען וואָס מיר האָבן פאַר דער קורצער צייט דערגרייכט. מיר לעבן אין אַ באַפרייט לאַנד וואָס ווערט שוין באַוואונדערט פון אַנדערע לענדער וועלכע ווערן אונדז שונאים פאַר אונדזער פאַרשריט. וואָלסטו באמת געווען געטריי אונדזער רעוואָלוציע, בין איך זיכער אַז דו וואָלסט קיין אַמעריקע ניט געדאַרפט וועלן פאָרן.

״דיין איינציקער תירוץ זיינען די קינדער. צוליב די קינדער האָ־סטו אויפגעגעבן דיין ליבע, און איצט, צוליב די קינדער, ווילסטו פאָרן צום מאַן וועמען דו ביזט אינגאַנצן אַ פרעמדע!

״דיין תירוץ זיינען די קינדער. דו ווייסט אַליין זייער גוט אַז דער תירוץ איז ניט קיין באַרעכטיקטער. אָבער, שאַ, אַזוי ווילסטו און אַזוי וועט עס שוין בלייבן״.

ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. אין דער פינצטער געגעבן אסתר׳ן אַ שטאַרקן דרוק צו זיין האַרצן, זי געוואָלט קושן, אָבער אסתר האָט זיך

פלינק אַרויסגעדרייט פון זיינע שטאַרקע הענט און געגעבן אַן עפן די טיר. אַ קיל ווינטעלע האָט זיי ביידן אָפּגעפרישט און שווייגנדיק האָבן זיי שפּאַצירט צום טעאַטער.

עס איז געווען סוף זומער. אַ שיינע, ליכטיקע לבנה׳דיקע נאַכט. באַריס האָט געהאַלטן אסתר׳ס האַנט אין זיינער, זיינע פינגער זיינען געווען איינגעשלאָסן אין אירע. אסתר׳ן איז געווען מאָדנע וואָס איצט האָט זי נאָך וולאַסאָוון ניט געבענקט. זי האָט איצט געבענקט נאָך ווייטע האָריזאָנטן. זי האָט געזען אין איר פאַנטאַזיע די גרויסע, אויסגעבענקטע וועלט. אַמעריקע איז געוואָרן דער צאַפּל פון איר וועזן.

זאָל באַריס איר העלפן! אַך ווי גוט ס׳איז צו האָבן אַזאַ פריינט, ווי גליקלעך וועלן זיין די קינדערלעך!

״מאָרגן, באַריס, וועסטו גיין מיט מיר אָנזאָגן די קינדער אַז מיר פאָרן קיין אַמעריקע צו זייער טאַטן. מיר וועלן זיי ביידע אָנזאָגן אַז מיר פאָרן, יאָ?״

באַריס צעלאַכט זיך אין דער שטילער נאַכט. ״דאָס מיינט, אסתר, אַז דו נעמסט מיך אויך צו דיין מאַן קיין אַמעריקע?״

אסתר האָט מיטגעלאַכט און פריידיקע זיינען זיי אַריינגעקומען אין שיינעם ליכטיקן טעאַטער.

די ״פּאָיע״ איז געווען געפּאַקט. יונג און אַלט זיינען געקומען זען די אידישע פאָרשטעלונג וואָס איז געווען אַ לעבנספאַרלאַנג אַז עס זאָל זיין אַ דערפאָלג. די חברים האָבן זיך מיט באַריסן און אסתר׳ן אַרומגעכאַפּט.

די עטלעכע טעג וואָס אסתר האָט זיך ניט באַוויזן, איז פאַר זיי געווען אַ פאַרלוסט. איצט, זע נאָר זע, ווי גאָרניט האָט פּאַסירט. גוט אַזוי, אסתר, אַזוי דאַרף מען זיין.

״דו ביזט זייער זיס, אסתר, רוימט איר אַיין אַ חברטע, בענקען איז נאַריש, אָט האָסטו שוין באַריסן...

טרערן האָבן זיך באַוויזן ביי אסתר׳ן אין די אויגן. דאָס גליקל האָט אַלעמען אָנגעזאָגט אַז די פאָרשטעלונג הייבט זיך אָן.

## .4

# אסתרים אָפּפּאַר

באָריס האָט זיין וואָרט געהאַלטן און אסתר׳ן די גויטיקע פּאַפּירן געבראַכט. קיין גרויסע שוועריקייטן זיינען ניט געווען, ווייל אסתר האָט צו דער פּאַרטיי ניט באַלאַנגט. ס׳איז שוין געווען אַלע צוגרייטונגען פאַר איר אַריין אין דער פּאַרטיי, האָט זיך איצט צום גוטן אויסגעלאָזט, און אַלץ אַ בירגעריך, איז געווען גרינגער פאַר איר צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

באָריס האָט איר געבראַכט די גוטע נייס און אויך איר געהאָלפן ברייגגען אין אָרדנונג איר פּאַספּאָרט אום זי זאָל פאָרן געזעצלעך, אָן שוועריקייטן.

אין יענעם יאָר, 1924, האָבן פילע פרויען געקראָגן אַזעלכע דער־לויבענישן, און אסתר איז געווען אין דער זעלבער קוואָטאַ.

ענדלעך איז דער גוטער טאָג געקומען. יענעם טאָג מיט דער נאַכט וועט אסתר אייביק געדענקען. אירע חברים און חברטעס זיינען מיט איר געווען אויף די גאַנצע נאַכט. איר געהאָלפן פּאַקן די זאַכן פאַר איר מיט די קינדער, ווי אויך געהאָלפן שיינדלען. אָבער שיינדל האָט אסתר׳ס חברים ליב געהאַט פון ווייטן. און ווען דער פורמאַן האָט פאַרטאָג אָנגע־קלאַפּט אין טיר, איז שוין אַלץ געווען פאַרטיק.

באָריס העלפט אסתר׳ן אַרויסטראָגן די פּעקלעך, זעצט די קינדער אין וואָגן ווי אויך שיינדלען מיטן קינד. זיי זאָגן אָן אסתר׳ן זי זאָל אויף זיך אַכטונג געבן און די הויפּט זאַך צו שרייבן בריוו. ״געדענק אסתר פון וואַ־נען דו פאָרסט. דערציייל די קינדער פון דער רעוואָלוציע. געדענק אונד־זערע קאַמפן אסתר...״

אסתר הייסט דעם פורמאַן פאָרן פּאַמעלעך און אַליין גייט זי מיט אירע טייערסטע פריינט ווענען זי וועט, אפשר, קיין מאָל מער ניט זען...

זיי שוויגן, אַלע רייד זיינען אויסגעשעפּט. שיינדל הייסט דעם פורמאַן בלייבן שטיין.

באָריס נעמט אסתרן אויף די הענט ווי אַ קינד, קושט איר אין די ליפּן, און איידער זי קומט צו זיך, צעטרייבט דער פורמאַן די פערד און לאָזט זיך

אַרויס פון שטאָט ביז זיי קומען אין געדיכטן וואַלד. איצט גייען די פערד פּאַ־מעלעך. עס הערט זיך דאָס רוישן פון די בוימער. דער פרימאָרגן איז אַ קאַלטער. שיינדל האַלט צוגעטוליעט איר איינציק קינד פרומעניו. אסתר׳ס קינדערלעך זיינען איינגעשלאָפן ווי די פייגעלעך. צוגעטוליעט ליגן זיי איינס צום אַנדערן און חלומען אויס זייער טאַטן. אסתר׳ן ווילט זיך אויך חלומען, אָבער פאַר אירע אויגן שוועבט פאַרביי אַן אַנדער ליכטיק גע־שטאַלט וואָס איז צו איר געבליבן ווי אַ סימבאָל, אַזוי דאַרף עס זיין און ניט אַנדערש. זי קוקט אַריין צו זיך אין האַרצן. האָט זי ליב געהאַט? און אַן ענטפער קומט: יאָ, אָבער בכדי אייביק ליב האָבן, איז געווען נייטיק די צעשיידונג...

אסתר האָט זיך איינגעהערט אין דעם שטילן פרימאָרגן. קיין סוויסטשען פון פייגל האָט זי ניט געהערט. די זון האָט ניט געשיינט, עס האָט געשמעקט מיט יונגן האַרבסט.

דער וואָגן האָט אַלע מאָל זיך געגעבן אַ טרייסל. שיינדל האָט זיך גענענטער צוגעטוליעט צו איר קינד. אַלע אין וואָגן זיינען געווען פאַרזונקען אין דרעמל. דער פורמאַן זינגט אַ שטילן ניגון. אסתר קוקט אין דער וויט־קייט וואָס איז איינגעוויקלט ווי אין אַ סוד...

## 5.

## אויפן שיף

די שיף שניידט דעם שטורמדיקן ים, דער הימל געוועלבט זעט אויס ווי דער ברויזנדער ים, וואָלקנס לויפן ווי כוואַליעס, עס מינעט זיך דער הימל און דער ים. אַ ליבע זון שיקט אירע שטראַלן צו די שיף רייזנדע וואָס שטייען אויפן "דעק" און באַוואונדערן גאָטס דרכים.

שוין 6 טעג ווי די שיף באַוועגט זיך רואיק, די פּאַסאַזשירן זיצן געמיטלעך אויפן "דעק" און רײדן, קוקן אין דער וויטקייט און זעען דאָרטן זייער פאַרגאַנגענהייט, יעדער מענטש אויף זיין אייגענעם שטייגער. די קינדערלעך וואָס געפינען זיך אין דריטן קלאַס, לויפן אויף די טרעפּ וואָס

פירן צום צווייטן קלאַס, אָבער די טירן זיינען פאַר זיי פאַרשלאָסן. די מאַ־מעס וואָס פאָרן איצט קיין אַמעריקע האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. יעדע פרוי דערציילט אירע איבערלעבונגען פון די פּאָגראָמען און ווי דורך נסים זיינען זיי לעבנגעבליבן. און איצט, גאָט צו דאַנקען, זיי פאָרן קיין אַמעריקע.

אויפן שיף געפינען זיך געגוג פרויען וואָס האָבן זייערע קינדער פאַר־לוירן אין דער צייט פון די פּאָגראָמען און דער מאַן ווייס נאָך ביט דערפון. איינער דערציילט דעם צווייטן פון דעם צער און ווייטיק.

די פּאַסאַזשירן מאַכן באַקאַנטשאַפט, דערציילן זיך אויס די ליידן און שרעק פון די פּאָגראָמען און נאָכדעם די נסים און ענדלעך זיינען מיר אויפן שיף. זיי גלויבן זיך ניט. איצט, ווען עס איבלט זיי פון דער ים־קראַנקהייט, פילן זיי אַ לייכטקייט אינם איבל — עס וועט איבערגיין — טרייסט אַ מאַמע איר טאָכטער וואָס פאָרט צום מאַן. איר קינד האָט די טאָכטער פאַרלוירן, נעמט זי מיט איר מוטער.

די שיף איז אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן וואָס פאָרן צו קרובים, על־טערן צו קינדער, פונקט ווי אין נח׳ס תבה. די שיף באַוועגט זיך, די נעכט זיינען קאַלטע. ס׳איז הערבסט, די מענטשן, ווילד פרעמדע, פאַר די עטלעכע טעג זיינען זיי געוואָרן באַענט און אייגן. די יוגנט זיצט באַזונדער און די עלטערע מענטשן באַזונדער. אַזוי גייען די טעג און נעכט וואָס דערנענ־טערן די אויסגעמאַטערטע אידן צו זייער אויסגעבענקטער היים.

אסתר און שיינדל מיט זייערע קינדער פאָרן אויך מיט דער שיף. געגוג זיינען זיי זיך אויסגעשטאַנען אויפן וועג ביז זיי האָבן דערגרייכט אַנטווערפּן און האָבן זיך געלאָזט פאָרן קיין אַמעריקע. שיינדל איז אויס־געקאָכט מיט אַלעמען. זי לאָזט איבער אסתר׳ן אין איר ווינקל וואו זי זיצט און קוקט כסדר אויפן ים אָדער אויפן הימל. זאָל זי ציילן די שטערן, לאַכט שיינדל און גייט צו צו דער גרופּע עלטערע מענטשן. מיט אסתר׳ן האָט זי ניט וואָס צו רעדן. שווייגט די גאַנצע צייט ווי אַ מיק. שיינדל זיפצט אָפּ ווען זי הייבט זיך אָן צו דערמאָנען ווי שווער איר איז געווען זי אַרויס־צורייסן פון זייערע הענט. ווי פּיאָווקעס האָבן זיי איר געהאַלטן. אָבער שיינדל איז די זיגערן, זי האָט אַלץ באַזייטיקט און איצט לאָמיר נאָר קו־מען געזונט אין דעם ״גאָלדענעם לאַנד״, דאָרטן איז אַלעמען גוט. דערווייל זעצט זי זיך צו אויסהערן אַביסל נייס. ניין, עס איז פאַר שיינדלען ניט ניי, זי קאָן אויך דערציילן אַזעלכע זאַכן, אָבער אַנדערע רעדן. הערט שיינדל

ווי אַן אַלטער איד דערציילט זיינע איבערלעבונגען. גרוילן כאַפּן אַן ווי מענטשן קאָנען דאָס אַלץ איבערטראָגן!

דער איד דערציילט: אײדער די באַנדיטן האָבן זיך אין זיין שטוב אַריינגעריסן, האָט זיין ווייב דעמאָלט געקנאָטן ברויט און ער איז געשטאַנען אין טלית און געדאַוונט. עס איז געווען אַרום 6 פאַרטאָג. זיין טאָכטער בעט דער מאַמען ניט קנעטן דאָס ברויט, אָבער זיין גנעסיע ענטפערט: טאָכטער מיינע, אַז דאָס אויג איז אָפן, וויל מען עסן. די שכנה איז אויך מיט איר אינגל אַריינגעקומען. אַ קליין לעמפּעלע ברענט, דאָס ברויט אין אויוון זיצט שוין. גאָט צו דאַנקען, עס איז שטיל.

מיטאַמאָל דערהערן זיך אין דרויסן שוידערלעכע קולות, אַ בראַזגעריי פון גלאָז... מיר זיצן אַלע און ציטערן. ווידער ווערט שטיל. גנעסיע נעמט אַרויס דאָס ברויט, זי זידט אויף וואַסער. איך האָב שוין אָפּגעדאַוונט, בייסן מיר איבער. גאָט צו דאַנקען, אַ גאַנצן טאָג האָבן די באַנדיטן געבושעוועט און אונדז ניט געטשעפּעט.

די צווייטע נאַכט האָבן זיי זיך מיט שטורם צו אונדז אַריינגעריסן, אָפּגעראַבעוועט וואָס מיר האָבן געהאַט און אָנגעהויבן שיסן יעדן באַזונדער. און איך, ווען עס איז געקומען מיין ריי, בין געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד נאָך אײדער זיי האָבן געשאָסן. אַזוי בין איך געלעגן אַ פאַרטומלטער. די באַנדיטן זיינען שוין לאַנג אַוועק. ליג איך אַזוי, שאַ, שטיל. איך הייב זיך אָן צו באַוועגן, גאַנץ אויף אַלע אברים. שטעל איך זיך אויף, קוק זיך אַרום. ניין, קיינע געשרייען הערט מען מער ניט. די הרוגים ליגן שטיל. גיי איך אַרויס. אין דרויסן איז שטאָק פינצטער. וויפיל דער זייגער איז, ווייס איך ניט. קוק איך אין הימל און פרעג: "גאָט, ביז וואַנען? ווינען קען איך ניט. ריידן, איז ניטאָ צו וועמען... נאָכאַמאָל פּרואוו איך מיינע אברים, מיר טוט גאָרניט וויי. אפשר האָט זיך מיר גאָר געחלומט אַזאַ חלום? גיי איך אַריין צוריק אין שטוב. מיין גנעסיע ליגט צעוואָרפן אויפן דיל, מיין טאָכטער חוה אין בעט, די שכנה מיטן אינגל ליגן ניט ווייט פון גנעסיען, איז ווי־זשע פאַרט לעב איך...? דער איד רעדט ניט מער, ער ווישט די טרערן וואָס פאַלן אויף זיין גרויער באָרד.

באַלד דערהערט זיך אַ יונגע, מיידלשע שטימע. זי דערציילט אַז: אין דער וואָך פון איר חתונה זיינען פּלוצלונג די באַנדיטן אָנגעפאַלן. דאָס זיינען געווען פּעטליורעוועצעס און סאָקאָלאָווצעס. ווי די היישעריקן זיינען זיי געלאָפן צו זיי אין שטוב אַריין. זי האָט זיך באַהאַלטן אונטערן בעט.

שפּעטער, ווען זי איז אַרויס פון אונטערן בעט און דערזען דעם חורבן, האָט זי אָוועקגעחלשט און דערנאָך אַליין צוריק צום לעבן געקומען.

איצט פאָרט זי צו איר שוועסטער וועלכע נעמט איר צו זיך, קיין אַמעריקע.

ס'רעדט אַן עלטערע פרוי: זי פאָרט צו איר זון. איר מאַן און אַן עלטערער זון זיינען אומגעקומען. די רוצחים האָבן אַלע באַהעלטענישן געוואוסט. איר מאַן מיטן זון האָבן זיך אין שול באַהאַלטן. אַ סך אידן האָבן ביי זיך אָפּגעמאַכט גיין אין שול. דאָרטן וועלן זיי זיין באַשיצט, אָבער די רוצחים זיינען אַנגעפאַלן, און וויפל אידן עס זיינען געווען אין שול, זיינען אומגעקומען. זי האָט געמיינט אַז זי וועט זיך אַ לעבעדיקע אין זייער קבר אַריינוואַרפן. אָבער ניין, אָט פאָרט זי גאָר צו איר זון וועלכער טרייסט איר אַז זי וועט נאָך אויף אירע עלטערע יאָרן לעבן גליקלעך. — אַז אַך און אַז וויי איז שוין צו אַזאַ לעבן—ווישט זי אירע אויגן.

שיינדל האַלט אָפן דאָס מויל. זי וויל אויך רעדן און דערציילן, אָבער איידער וואָס איז שוין ווידער עמיצער דאָ. איצט רעדט שוין שיינדל. זי דערציילט ווי אַזוי זיי זיינען אַלע לעבנגעבליבן. — זיי האָבן די באַנדיטן גאָרניט געטשעפּעט. פאַרקערט, זי און איר שוועגערן, אסתר, האָבן זיך אָנגעטאָן ווי פּויערטעס און געגאַנגען אין גאַס העלפן די וואָס האָבן געדאַרפט זייער הילף. די קינדערלעך זיינען געווען באַשיצט ביים גלח פון שטאָט, זייער אַ פיינער מענטש. אַלע קינדער האָט ער געהייסן ברייגנען צו זיך. געווען דאָרט אַ סך קינדער, זיינען זיי אַלע געבליבן לעבן און זי, שיינדל מיט אסתר'ן, זיינען אויף אַזאַ אופן געבליבן גאַנץ מיט זייערע קינדער און פאָרן איצט קיין אַמעריקע.

"האָט מען ביי אייך גאָר קיינעם ניט דער'הרג'עט? — פרעגט איר אַ פרוי מיט אַ שפּיציק פּנים ווי א מכשפה. שיינדל רויטלט זיך און זאָגט: "וואָס הייסט ניט גע'הרג'עט? אסתר'ס ברודער האָט מען גע'הרג'עט אין קיעוו, מיין שוועסטער'ס מאַן מיט אַלע קינדער האָט מען גע'הרג'עט אין ברוסילאָוו, אסתר'ס מאַמע, מיין שוויגער, איז פון שרעק געשטאָרבן. אָבער איך האָב אייך געוואָלט דערציילן ווי אַזוי מיר זיינען לעבנגעבליבן. מיר האָבן ניט געוואָלט וואַרטן אויפן טויט, זייער שלעכט געווען צו זיצן אין הויז."

שיינדל בלייבט שטיל. אַלע שווייגן. מיטאַמאָל האָט מען פון וויטנס דערהערט אַ שיינעם געזאַנג פון דער יוגנט. פריילעך האָבן זיי געזונגען

דאָס ליד פון באַפרייאונג און אַנדערע אידישע לידער.

שיינדלען ווערט וואַרעם פון זייער שיינעם געזאַנג. זי וועט בעסער צוגיין דאָ וואו מ׳זינגט. דאָ, זעט זי, האָט זי גאָרניט אויסגענומען. זיי רעדן בלויז פון טויט, האַלטן אין איין און ווינען און זעען ניט קיין לעבן...

זי זעצט זיך לעבן די יונגע בחורים און מיידלעך וואָס זינגען מיט גרויס געפיל אַ ליד פון פרילינג. זייערע שטימען זיינען אַזעלכע צאַרטע, דורכגעוועבט מיט טרויער אויף די פאַרלוסטן וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין זייער אַלטער היים. די קלאַנגען זיינען מיט בענקשאַפט נאָכן לאַנד וואָס זיי חלומען אויס. מיט זיי פילט זי זיך בעסער.

אסתר זיצט פון דערווייטנס, הערט זיך צו צו זייער האַרציק געזאַנג. די קינדערלעך זיצן אַרום איר. זי שווייגט, אסתר, רעדט זייער ווייניק. אירע געדאַנקען זיינען ערגעץ אַנדערש. די קינדער אירע פאַרשטייען אַז זייער מוטער איז ניט געזונט, לאָזן זיי איר זיצן און שווייגן.

אסתר איז מיד, זי טראַכט, אפשר פאַרט וועט איר נאָך זיין גוט מיט די קינדער אין איר נייער היים?

אירע קינדער לאָזן איר חלומען. זיי שפּילן זיך אויפן שיף מיט אַנדערע קינדער וואָס פאָרן צו זייערע טאַטעס. אַ סך קינדער געדענקען ניט זייערע טאַטעס, מאָלן זיי זיך אויס אַ טאַטן. אסתר׳ס קינדער טוען דאָס זעלבע. זיי לויפן צו צו שיינדלען און פרעגן איר: "מומע, ווען קומען מיר שוין צום טאַטן?"

שיינדל׳ס מיידעלע איז ניט אַזוי רירעוודיק ווי אסתר׳ס, אָבער אויך זי איז נייגעריק און וויל וויסן ווי אַזוי איר טאַטע זעט אויס. בכלל איז שיינדל די טאָן געבערן. זי לאַכט איצט ווען זי דערמאָנט זיך פון אַנט־ווערפן און די "שיינע" שכנה זייערע וואָס האָט זיי אויסגערעדט דאָס האַרץ — אַז זיי וועלן דאָ בלייבן אין אַנטווערפן ווי זי, שוין דריי חדשים. שיינדל און אסתר זיינען פאַרציטערט געוואָרן. וואָס הייסט דריי חדשים? זאָגט די פרוי — אַז מ׳פאָרט מיט קליינע קינדער, איז אַפילו אַמאָל אַ יאָר אויך גאָרניט... אָט נעמט מיך. און דאָ גייט אַ סדרה פון דערציילן ווי אַזוי זי קען ניט פאָרן צום מאַן, ווייל אירע קינדער האָבן טראַכאָמע אין די אויגן. זאָגט שיינדל — אָבער אונדזערע קינדער האָבן ריינע אויגן און ריינע קעפּלעך. ענטפערט די פרוי — קענען זיי עפּעס אַנדערש קריגן...

שיינדל בעט זיך ביי דער פרוי זי זאָל זיי ניט אויסלייגן צום שלעכטן, זיי האָבן ניט קיין געלט. אָבער די פרוי רעדט ווייטער—וואָס בעט איר מיך?

איך מאַך עס? אַייערע קינדער קענען גאָר אָנהייבן מאָזלען. מאָזלען — זאָגט שיינדל, האָבן זיי שוין געמאָזלט.

אסתר מישט זיך אַריין און בעט שיינדלען: "טו מיר אַ טובה און שוויג". זעט טאַקע שיינדל ווי גוט עס איז ווען מ'שווייגט...

און, גאָט צו דאַנקען, צו דער באַשטימטער צייט זיינען זיי אַיינגע־שטיגן אויפן שיף און, שוין שטייענדיק אויפן "דעק", האָבן זיי דערזען די פרוי ווי זי איז געשטאַנען ביים ברעג מיט אירע קינדער און געוואָרפן צו זיי אַ ווייס טיכל. "איצט —זאָגט שיינדל צו אסתר'ן — זע איך אַז מיר האָבן טאַקע מזל. יענע פרוי, נעבעך, וועט דאָרטן זיצן מיט אירע קינדער, אַבי געזונט, מיט די טראַכאָמע איגעלעך און אומריינע קעפלעך. אפשר ווען זי זאָל ניט ריידן אַזוי פיל און בעסער אַכטונג געבן אויף אירע קינ־דער...

אסתר שמייכלט צו שיינדלען. ביידע שוועגערינס זיינען ווי שוועס־טער. שיינדל האָט אסתר'ן ליב און בכלל איז שיינדל פון דער נאַטור אַ גוטע. זי וויל גאָרניט... פון אסתר'ן, טראַכט שיינדל, אַז גאָט ווייס ווי אַזוי עס וועט נאָך דאָרטן זיין?

אַזוי גייען טעג און נעכט. די שיף גייט שווער איר וועג. דאָס עסן איז הערינג מיט קאַרטאָפל. אַלע טאָג די זעלבע זאַך. די טעג ציען זיך לאַנגזאַם...

די מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ באַקענט, גיבן זיך זייערע אַדרעסן.

אויך אסתר נעמט אָן אַדרעס פון אַ בחור וואָס פאָרט צו זיין שוועס־טער קיין שיקאַגאָ. די גאַנצע צייט איז דער בחור געווען אויפן שיף דער רעדל פירער. אַלע מיידלעך האָבן אים באַלאַגערט ער זאָל זינגען, ער זאָל דערציילן מעשהלעך. אַליין איז ער אַ פוילישער, אַ לעבנסלוסטיקער בחור, האָט ער זיך סוף־כל־סוף אַביסל באַרואיקט, איינגעזען אסתר'ן און זיך צערעדט מיט איר און שוין גיט ער איר זיין אַדרעס.

און אָט איז שוין דער לעצטער טאָג. די שיף גייט פּאַמעלעך אַריין אין האַפן. די מאַטראָסן לויפן אַרום ווי פאַרסמטע. די פּאַסאַזשירן פוצן זיך אויס. אַלע קראַנקהייטן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. ס'איז געוואָרן פריי־לעך אויפן "דעק", און ווען דער הויך רעדנער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע רייזנדע זאָלן זיין אויפן "דעק", איז עס געווען איבעריק. אַלע זיינען שוין געשטאַנען מיט ציטערדיקע הערצער און געוואַרט אויף זייערע אויס־לייזער.

מיטאַמאָל אַ באַפעל אַרונטערגיין פון דער גרויסער שיף און זיך איבערזעצן אויף אַ קלענערער. אַזוי אַרום שטייגן אויס די אימיגראַנטן פון איין שיף אין דער צווייטער און ווערן געפירט צום קעסלגאַרדן וואו זייער גורל ווערט באַשטימט: ווער עס ווערט אַריינגעלאָזן פריי אין לאַנד און ווער עס דאַרף נאָך פאַרבלייבן אויפן טרערן־אינזל וואָס הייסט "עליס איילענד".

די אימיגראַנטן פאָרן פאַרביי די סטאַטוע פון פרייהייט. זי שטייט אויף אַן עסטראַדע אין מיטן ים מיט אַן אַריבערגעוואָרפענעם מאַנטל איבער דער פּלייצע, די רעכטע האַנט איז געווענדעט צום הימל. זי האַלט הויך דעם פאַקל פון פרייהייט. אַ קופּערנע, שטאָלצע פרוי. דער פאַקל איז ליכטיק און טראָגט אויך אַ קרוין פון ליכט אויף איר שטאָלצן קאָפּ, אַ קרוין פון פייערדיקע שטערן, אַן אָנזאָג פון פרייהייט און גלייכהייט. די קרוין איז דער אָנזאָג פון גלייכבאַרעכטיקונג. ניט אומזיסט, טראַכט אסתר, איז אין אַמעריקע דאָס ערשטע די פרוי. זי איז דער סימבאָל פון פרייהייט. די סטאַטוע גיט דעם איינוואַנדערער אַ סך מוט און גלויבן.

אסתר, שיינדל און די קינדער גאַפן קוקנדיק אויף דער פּרעכטיקער בילד. זיי קענען די אויגן ניט אָפּרייסן. ס'ווייזט זיך זיי אויס אַז די סטאַטוע גייט זיי נאָך. אַזוי טראַכטנדיק פאָרן זיי אַריין אין האַפן. דאָס איז אַ מין פאַרשטאָט פון ניויאָרק. אַ גרויסער טומל. פילע האָבן שוין דערזען זייערע נאָענטע און ליבסטע.

שיינדל שרייט צו אסתר'ן: "זע, איז ניט דאָרטן מיין הערשל און דיין לייבל? אסתר שמייכלט און באַרואיקט איר, אַז דערווייל זעט זי נאָך קיינעם ניט.

עס געדויערט אַ פּאָר שעה ביז אַלץ ווערט דערלידיקט. ווער עס איז זוכה, קומט באַלד אַריין אין גאָלדענעם לאַנד, און ווער עס האָט ניט דאָס גליק, מוז וואַרטן אויפן טרערן אינזל.

אסתר, שיינדל און די קינדער זיינען פון די גליקלעכע, זיי לאָזט מען גיין אין דער אָפענער טיר וואָס פירט זיי צום לאַנד פון גערעכטיקייט.

אויף דער פּלאַטפאָרמע שטייען פיל מענטשן און וואַרטן מיט ציטער און פּלאַטער אויף זייערע אויסגעבענקטע פרויען, קינדער, מאַמעס, טאַטעס און פריינט.

צווישן אַלע איז געשטאַנען הערשל און לייבל. רירנד איז געווען די באַגעגעניש. עס האָבן זיך באַגעגנט מענטשן וואָס זייערע לעבנס זיינען

געווען אין געפֿאַר. און איצט, פֿראַנק און פֿריי שטעלן זי זייערע טריט און גייען אַריין אין אַ בייעם לעבן, אינם לעבן וואו אסתר וועט דאַרפֿן שלום מאַכן מיט איר גורל און זיין אַ מאַמע צו אירע קינדער.

### 6.

## ניו־יאָרק

אין איינע פֿון די אָרעמסטע גאַסן אין נויאָרק, אויף דער איסט סייד, זיינען אונדזערע אימיגראַנטן פֿאַרפֿאָרן. לייבל און הערשל זיינען געווען גליקלעך צו ברענגען זייערע פֿאַמיליעס און זיך איינאָרדענען אין אַמע־ריקע. שיינדל מיט איר קינד זיינען באַלד צוגעזאָגט געוואָרן צו אַמעריקע, סיי צו זייער מאַן און פֿאָטער ווי אויך צו דעם לעבן וואָס איז געוואָרן פֿאַר שיינדלען אַ גן עדן...

נאָך אַלע אירע איבערלעבונגען: פּאָגראָמען, הונגער, ליידן, האָט זי הערשל מיט איר קינד געבראַכט אין אַ היים פֿון צוויי צימערן מיט אַ קיך. אין קיך האָבן זיי געטראָפֿן אַן אויוון צו וועלכן מ׳דאַרף ניט קיין האָלץ. מען טוט אַ קוועטש און עס איז שוין דאָ פֿייער. היינט וואַסער? מאַמע האַר־ציקע... מער וועט שיינדל קיין וואַסער פֿון דער קרעניצע ניט טראָגן. ליכט. גאַז איז תמיד דאָ אין לאָמפּ, מ׳דאַרף בלויז געבן אַ דריי דאָס הענטל... גייסטו אַרויס אין דרויסן, וואָס קענסטו ניט קויפֿן? גאָט צו דאַנקען...

שיינדל האָט געדאַנקט גאָט יעדע מינוט פֿון טאָג פֿאַר זיין אַמעריקע און טאַקע דערפֿאַר וואָס איר מאַן הערשל האָט זי געבראַכט און נאָך דערצו געהאָלפֿן לייבלען ברענגען. און איצט אסתר׳ן מיט די קינדער. גאָר אַ קלייניקייט, אַזאַ מאַן!

שיינדלען איז גאָר ניט איינגעפֿאַלן טראַכטן אַז עס געפֿינען זיך דאָ פּרויען וואָס זיינען גאָרניט אַזוי פֿאַרגאַפֿט, ניט פֿונ׳ם מאַן און ניט פֿון אַמעריקע. זי איז געקומען צו איר מאַן מיט בענקשאַפֿט און זיך געפֿרייט מיט יעדע פּיצעלע און געוואָלט זען די זעלבע פֿרייד אויך אויף אסתר׳ן.

שיינדל איז געוואָרן אַ פּאַטריאָט פֿון אַמעריקע און פֿיינט געקראָגן

דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, ניט געקענט הערן אַז מען רעדט פון דאָרטן ווי פריי מ׳איז, ווי גוט דאָרטן איז געווען. אַן אויפגעבראַכטע האָט זי באַלד געזאָגט אַז פאַר די הויפטלייט איז טאַקע דאָרטן געווען פריי, אָבער פאַר די מענטשן? טאָג־טעגלעך האָט זי געפירט ויכוחים מיט אסתר׳ן.

ביידע שוואָגערס האָבן געהאַט אַ שניידער געשעפט וואָס האָט אַריינ־געטראָגן גענוג פאַר איין פאַמיליע און דאָ האָבן געדאַרפט לעבן צוויי פאַ־מיליעס.

אסתר איז ניט געווען צופרידן מיט איר גורל. די וואוינונגען זיינען געווען ניט קיין באַהייצטע, האָט די וואָרעמקייט געשטראָמט פון גאַז־אויוון. די קינדער זיינען געגאַנגען אין שולע. נאָך זייערע לימודים האָבן זיך די אינגעלעך אָפגעזוכט צייטונגען צו פאַרקויפן. רחל׳ע האָט זיך באַשטעלט אין אַ צען סענט סטאָר, פייגעלע איז געבליבן נאָך דער שולע מיט איר טאַטע־מאַמע. און אַז רחל׳ע פלעגט נאָך דער אַרבעט קומען אַהיים, זיינען טאַטע־מאַמע אַרומגעגאַנגען שטומע. פאַרוואָס טאַטע־מאַמע שוויגן, האָבן די קינדער געוואוסט, ווייל זיי אַליין האָבן אויך געשוויגן. די אָרעמקייט האָט ביי זיי די קינדערשע פרייד צוגענומען.

אסתר און שיינדל האָבן געהאָלפן נייען די אַלטע קליידער. שיינדלען איז פון אַלע אירע יאָרן געווען פרייליך אויפן האַרצן, פון אַלץ האָט זי געמאַכט אַ גלייכווערטל, זיך אַ שפּיל געטאָן ביי דער אַרבעט מיט הערשלען, געזונגען אַ לידל, געוואָלט אויפמונטערן אסתר׳ן.

אָבער אַלע אירע באַמיאונגען זיינען געווען אומזיסט. אסתר׳ן איז אַמעריקע ניט געווען צום האַרצן. אויך די קינדער זיינען געוואָרן ענטוישט.

דאָ וואו זיי האָבן געוואוינט איז די באַפעלקערונג געווען אַ געמישטע. ביטער איז פאַר אסתר׳ן מיט די קינדער געווען אין דעם גאָלדענעם לאַנד, ווי שיינדל האָט עס באַלד אַ נאָמען געגעבן. זי פלעגט רעדן מיט אסתר׳ן שטילערהייט זי זאָל זיין מונטערער: פאַרגעס, אסתר, די אַלטע היים, ביר־גער זיך דאָ איין, דאָ איז אונזער היים, זע ווי מ׳קען דאָ לעבן — דערביי אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט איבערן אָרעמען געשעפט, אַז אסתר האָט זיך געמוזט צעלאַכן.

יאָ, שיינדל האָט דאָ געקענט לעבן. אין איר היים האָט זי גאָרניט איבערגעלאָזט. זי איז געקומען אַהער צו איר מאַן וועמען זי האָט ליב ווי דאָס לעבן, געבראַכט אַ שיין מיידעלע, עס אויסגעפוצט ווי אַ ליאַלקע,

זיך אַליין אויך אויסגעקליידט, איר אָרעם שטיבל פאַרפּוצט. איר, שיינדלען איז טאַקע גוט...

אסתר׳ן איז אָבער געווען ביטער. ערשטנס, 4 קינדער, זי און איר מאַן איז זעקס, און אַלץ פון דעם אָרעמען געשעפט. וויפיל די קינדער האָבן אַריינגעטראָגן, איז געווען ווייניק. און דאָ, דער אומעט איז אַזוי גרויס, די בענקשאַפט האָט אסתר׳ן ממש פאַרצוקט. קיין שום באַקאַנטשאַפטן האָבן ביידע פאַמיליעס ניט געהאַט, חוץ דעם שוסטער׳ס פרוי וועלכע האָבן גע־האָט אַ קראַם צו פאַריכטן שיך, איז אַריינגעקומען זיך באַקענען מיט די גרינע. שיינדל איז מיט איר באַלד געוואָרן פריינט, אָנגענומען די איינלאַ־דונג אַריינצוקומען צו זיי אַף טיי. זי האָט אסתר׳ן אויך איינגעלאַדן, אָבער זי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

אויף מאָרגן האָט שיינדל אסתר׳ן איבערגעגעבן פונם וויזיט ביי דער פרוי וואָס איר מאַן איז אַ שוסטער. — האָסט שוין געדאַרפט אַריינגיין צו איר אין הויז! איי, איי, איי! אַ שטוב, אַ פּאַלאַץ! אַ גרויסע בעל־הביתטע און אַ באַלייענטע, זאָלסט זען וויפיל ביכער זי האָט! זי גייט צו מיטינגען, צו לעקציעס, זי קען אונז אויך מיטנעמען. דו, אסתר, מוזט זיך נעענטער באַקענען מיט איר. זי הייסט פאַניע, אַ רוסישער נאָמען, פאַניאַ. איר מאַן זעט אויך אויס ווי אַ פּראָפעסאָר, ניט ווי אַ שוסטער. זייער אַ שיינער מאַן, זיין נאָמען איז וויקטאָר. האָסטו אַמאָל געהערט אין דער היים אַ שוסטערס פרוי זאָל הייסן פאַניאַ און איר מאַן וויקטאָר...? דאָרטן האָט מען זיי גע־רופן ביים נאָמען ביי וועלכן זיי האָבן געאַרבעט. און וויפיל אסתר האָט שיינדלען ניט אויפגעוויזן אַז איצט איז אין סאָוועטנפאַרבאַנד אָפּגעשאַפן געוואָרן די פאַראורטיילן, איז עס פאַר שיינדלען געווען אַרויסגעוואָרפענע רייד. — גיי זע פאַניען, וועסטו ערשט וויסן וואָס פאַר אַ לאַנד אַמעריקע איז, זע ווי זי האָדעוועט אירע קינדער, ווי זיי זיינען ריין, ממש ווי ביי די גרעסטע גבירים. היינט ווי קלוג זי רעדט, ליג ניט איינגעלייגט אין הויז, גיי אַרויס, זע מענטשן, פריש זיך אָפּ, האָסט געזען אַ מענטש זאָל אַזוי זיין?

און אַז פאַניע איז דאָס צווייטע מאָל געקומען, האָט זיך אסתר צו איר פריינדלעכער באַנומען, איר איבערגעגעבן די מיינונג פון שיינדלען, איר געפרעגט וועלכע אידישע ביכער זי האָט. צו אסתר׳ס איבעראַשונג האָט פאַניע טאַקע געהאַט די בעסטע ביכער וואָס אסתר האָט געוואָלט לייענען און אָפּגעמאַכט מיט פאַניען זיך טרעפן ביי איר אין הויז, זיך באַקענען מיט

די ביכער. ס'איז שוין געגויע צוויי יאָר זינט אסתר האָט אין איר האַנט ניט געהאַלטן קיין בוך. איצט וועט זי קענען לייענען די בעסטע שרייבער. פאַניע איז אסתר'ן אויך געפעלן געוואָרן. דאָס איז געווען איר ערשטע באַקאַנטשאַפט אין נויאָרק.

אין האַרצן איז זי דאַנקבאַר איר שוועגערן פאַר העלפן איר זיך באַקענען מיט פאַניען, און שיינדל איז דערוויילע געווען צופרידן. דורכגעפירט דעם שידוך, גאָט צו דאַנקען.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פאַניע אַריינגעקומען און געפרעגט אסתר'ן צי זי האָט חשק צו גיין מיט איר אין אידישן טעאַטער. אסתר'ן איז געפעלן דער אײנפאַל. איבערהויפּט איז איר פאַניע געפעלן מיט איר שיינעם, ליטווישן אידיש.

פשוט און פריינדלעך רעדט פאַניע. און אַז אסתר פרעגט מיט אַ שמייכל — וויפיל וועט קאָסטן אַ בילעט? ווערט פאַניע פאַרויטלט און זאָגט זייטיק: — וואָס מיינט איר, אַז איך קום אייך רופן אין טעאַטער וועט איר דאַרפן קויפן אַ בילעט? איך וויל אייך אַרויסנעמען אַלס מיין גאַסט.

שיינדל איז דעמאָלט ניט געווען אין געשעפט. לייבל איז געווען צופרידן פון דער איינלאַדונג.—זאָל זי גיין—האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט. און ווען אסתר האָט לייבלען געפרעגט, איז אַ פאַרטיקער ענטפער געקומען: פאַרוואָס ניט? גיי און פאַרברייננג!

אַזוי אַרום איז פאַניע געווען זייער צופרידן וואָס סוף־כל־סוף גייט מיט איר אסתר אין אידישן טעאַטער.

ווען שיינדל האָט זיך דערוואוסט, האָט איר אַפילו זייער פאַרדראָסן פון פאַניע'ס האַנדלונג:—זע נאָר, זע, איך האָב געמאַכט דעם שידוך און אין טעאַטער נעמט זי אסתר'ן! זעסטו, האָב איך אַ דאגה! און אַ פריידיקע האָט זי געזאָגט: — גיי, גיי אסתר'ל, טו זיך אָן און האָב הנאה. מיר וועט די מסתמא בעטן אַ צווייטן מאָל, מ'קען דאָך ניט נעמען ביידע מיטאַמאָל!

אַלע זיינען געווען זייער גוט אויפגעלייגט וואָס אסתר וועט גיין פאַרברייננגען אָן אָונט, זען מענטשן, זען אַ פאָרשטעלונג. עס איז געווען אַ גרויסע געשעעניש. אָרעמע מענטשן האָבן זיך געפרייט מיט דער פרייד וואָס איין מענטש וועט היינט פילן אַנדערש ווי נעכטן. אסתר אַליין איז געווען ווי אין אַ חלום, ווידער עפּנט זיך פאַר איר די וועלט, זי גייט היינט אין טעאַטער.

די קינדער האָבן דעם אָונט געהאָלפן דער מאַמען זיין פריי פון

געבן זיי אָונטבררויט. רחלע האָט געקוקט אויף איר מוטער מיט באַגייסטע־רונג — מאַמע, דו זעסט אויס אַזוי שיין? פייגעלע האָט נאָכגערעדט רחלען און הערשעלע מיט יאַנקעלען האָבן באַוואונדערט דער מאַמעס מאַנטל וואָס דער פאָטער האָט אויפגעגנייט און די מאַמע באַנייט אים צום ערשטן מאָל.

ווען פאַניע איז צו דער באַשטימטער שעה געקומען, האָט זי אסתר׳ן ניט דערקענט, און שיינדל, אַ פאַרפלאָמטע, האָט זיך אַריינגעכאַפּט אָנקוקן פאַניען מיט אסתרן, זיי באַגלייט צו דער סאָבווי.

ס׳איז שוין געווען אין שפּעטן ווינטער, אָבער ניט זייער קאַלט. אסתר מיט איר נייעם מאַנטל, מיטן קאָפּעליוש פון וואַרשע, האָט אויסגעזען זייער עלעגאַנט, געשפּאַנט אויף אירע שטאַרקע פיס, מיט זיכערקייט געשטעלט אירע טריט; אירע באַקן זיינען געווען באַטירלעך פאַרויטלט, אַ שמייכל האָט געשוועבט אויף אירע ליפּן. זי האָט געפילט אַ פרישקייט אין אַלע אירע גלידער. זי האָט געקושט שיינדלען מיט פיל דאַנקבאַרקייט פאַר ברייגנען צו איר אַזאַ טייערע פריינדין, און ווען ביידע פרויען זיינען פאַרשוואונדן אינם אַריינגאַנג פון סאָבווי, האָבן זיך טרערן באַוויזן אין שיינדל׳ס אויגן. אַלע מאָל דערזעט מען אסתר׳ן, און פאַרוואָס דערזעט מען מיך ניט? שיינדלען פאַרדריסט פאַר איר ניט פאַרגינען אסתר׳ן די דאָזיקע פרייד, פאַרקערט, זי דאַרף זיך פרייען דערמיט. אַ רויטקייט באַגיסט שיינדלס באַקן .אַ מענטש דאַרף דעם צווייטן פאַרגינען זיין לעבן, און איך, נאַר, וויל זיין אַ ניט פאַר־גינערין...

שיינדל איז דעם אָונט געווען באַלעבט און מאַכנדיק די בעטן פאַרן מאַן און קינד, האָט זי געטראַכט פונם מאָרגן ווען אסתר וועט איר אָפּגעבן דעם רעפּאָרט פון אָונט.

## 7.

## אויף מאָרגן

—דו ווייסט, וויקטאָר, איך האָב זיך פאַרליבט אין אונזער שכנה— האָט פאַניע געזאָגט צו איר מאַן ביים אָנבייסן און אים דערציילט פון נעכ־טיקן אָונט אין אידישן טעאַטער. — היינט זיינען גאָר קיין גרינע ניטאָ.

אַמאָל, אַז אַ פרוי איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט מען איר באַלד דער־קענט, סיי אין איר קליידונג ווי אויך אין אירע באַוועגונגען. איצט איז פאַרקערט, זיי קומען אַהער אינטערעסאַנטער ווי מיר זיינען דאָ, איבער־הויפּט אונדזער שכנה אסתר. אירע דערציילונגען וועגן דער רעוואָלוציע ברענגען מיך צוריק אין מיין ביאַלעסטאָק. זי איז זייער אינטערעסאַנט. מיר איז געווען טשיקאַווע. באַלד נאָכן ערשטן אַקט, זאָגט זי צו מיר אַז זי וויל זען די שוישפּילער הינטער די קוליסן, און שלעפּט מיך מיט. דאָרטן זיך באַלד באַקענט מיטן הויפּט שוישפּילער און ער האָלט שוין איר האַנט, רעדט פאַרטרויליך, לאַדעט זי איין אין רעסטאָראַן. איך בין געווען ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. ערשט נעכטן האָב איך איר גענומען אין טעאַטער, און היינט גייט זי שוין אַליין. אַהיים האָט מען אונדז געבראַכט מיט אַ מאַ־שין. דאָס ערשטע מאָל האָב איך איר געהערט רעדן און לאַכן. פאַר די עטלעכע מאָל זייענדיק ביי אסתרן אין געשעפט, איז מיר אויפן געדאַנק ניט געקומען אַז זי קאָן לאַכן, זיצט אַ באַגראָבענע און נייט אַלטע שמאַטעס, אַזוי ווי אין אַ ביכל וואָס מען לייענט און מ׳גלויבט ניט אַז עס קאָן פאַסירן, אַזוי האָב איך ניט געגלויבט אַז איך זע אונדזער שכנה. מיר ווייזט זיך אויס, וויקטאָר, אַז זי איז ניט איבעריק גליקלעך מיט איר מאַן. גייסטו צו זיי אַריין, ווערט דיר אומעטיק צו זען ווי מ׳שווייגט. אַפילו די קינדער רעדן אַזוי שטיל צווישן זיך אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עמיצן אויפ־צעוועקן. דו וואָלסט זיך געדאַרפט נענטער באַקענען מיט אסתר׳ס מאַן.

וויקטאָר קוקט אַריין אין זיין צייטונג, גיט אַ שמייכל און מאַכט זיי־טיק — פאַרוואָס ניט מיט אסתרן זיך באַקענען?

פאַניע ענטפערט ניט איר מאַן. זי רעדט ווי צו זיך אַליין: — אַט אַ פרוי, אַזאַ האָבן אַלע ליב, זי שעמט זיך ניט, איר דאַרף קיינער ניט באַ־קענען, זי באַקענט זיך גאָר אַליין. איך וואָלט אויסגעלעבט מיינע יאָרן און וואָלט ניט געוואָגט צו גיין הינטער די קוליסן. און זי, ניט נאָר זיך באַ־קענט, נאָר זיי האָבן שוין איר אַדרעס און טעלעפאָן און זי דערציילט ניט קיין שום מעשיות אַז זי האָט שוין דערוואַקסענע קינדער, האַלט זיך ווי אַ מיידל. אַזוי צו זיין מוז מען האָבן טאַלאַנט...

פאַניע פאָלגט נאָך איר מאַן, האָט ער געהערט זי רעדן? וויקטאָר כאַפּט אויף איר בליק, לייגט צענויף זיין צייטונג, גייט צו זיין פרוי, נעמט איר אַרום, טוט זי אַ דריק און זאָגט: — פאַניע, רעד ווייניקער פון דיין

שכנה, ווייל דו רעגסט מיך אָן. צייט צו גייך צום וואַרשטאַט. קושט פאַניען אין קאָפּ, קושט די צווי מיידעלעך וואָס שפּילן זיך אויפן סאָפע און גייט צו זיין אַרבעט.

פאַניע איז אַ בריה, שיינדל האָט ניט איבערטריבן. אירע מיידעלעך זיינען שיינינקע, ריינינקע און פאַניע אַליין איז נאָך גאַנץ יונג. בענקשאַפטן זיינען איר פרעמד. באַקענענדיק זיך מיט אסתר׳ן האָט ערשט פאַניע אַנדעריש אָנגעהויבן פילן. — וואָלט איך געקענט זיין אַזוי?

פאַניע טראַכט אַז זי וועט זיך באַלד אַריינכאַפּן צו אסתר׳ן. פון שיינדלען איז פאַניע ניט פאַרכאַפּט. אַ פּשוטע פרוי, אָן ערלעכע, צו אסתר׳ן קומט זי ניט. פאַניע קומט צום באַשלוס אַז ס׳איז גרויסאַרטיק וואָס זי האָט געפונען אַזאַ פריינדין.

*
**

שיינדל איז די נאַכט געשלאָפן מיט אָפענע אויגן. דאָס ערשטע מאָל האָט זי איבערגעלעבט דעם געפיל פון קנאה. פאַרוואָס האָט זי אסתר ניט איינגעלאַדן ווען יענע האָט עס ניט געטאָן? דערפאַר ווען אסתר וועט זי בעטן גיין אַ צווייטן מאָל, וועט זי ניט גיין. זאָל זי גיין מיט דער שוסטערקע.

אין דער פרי, ווען שיינדל איז געזעסן מיט אסתר׳ן ביי דער אַרבעט, האָבן זיך די שוועגערינס צערעדט. שיינדל האָט געוואָלט וויסן ווי אַזוי איז איר די שפּיל געפעלן, ווי אַזוי פאַניע איז איר געפעלן, וואָס פאַר אַ מיינונג זי האָט פון איר.

אסתר שמייכלט און זאָגט אַז פאַניע איז זייער אַ טייערע, אַ האַרציקע, און אַלץ וואָס דו האָסט וועגן איר דערציילט איז אמת, אָבער זי איז ניט דער מענטש פאַר איבערלעבונגען. זי האָט געזען די פאָרשטעלונג און גייט שוין אַהיים, און דו קאָנסט דאָך דיין שוועגערין? נאָך אַזוי פיל יאָרן פון איינזאַמקייט, פלוצלונג ליכט, מוזיק, אַרטיסטן... איך בין געווען ווי אין אַ חלום. ווען דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיקט, דער פאָרהאַנג איז אַראָפּגעצויגן געוואָרן, דער עולם אַפּלאָדירט, עס ווערט ליכטיק און איך געדענק ניט ווי אַזוי איך האָב זיך געפונען הינטער די קוליסן, געדריקט דעם הויפּט שוישפּילער די האַנט און ער לאָזט מיך שוין ניט אָפּ. איך מוז אים געבן מיין טעלעפאָן, ער וויל קומען צו מיר. מילא, קומען וועט ער ניט, אָבער רופן וועט ער מיך היינט יאָ. אים צוגעזאָגט צו קומען היינט אין טעאַטער. בעכטן איז די פאָרשטעלונג וואָס מיר האָבן געזען געווען די

לעצטע, היינט איז די פּרעמיערע פון "דבוק" און איך בין אײַנגעלאַדן געװאָרן אַלס גאַסט. װילסטו מיטגיין? ס'װעלן זײַן צװײ בילעטן אָנגעגרייט.

שיינדל שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, אָן הערשלען װעט זי ניט האָבן קיין פאַרגעניגן. לאָמיר װאַרטן אויף זונטיק, װעלן מיר אַלע גיין, דו און לייבל מיט די קינדער און איך מיט הערשלען און פרומעניון. זיי ניט אַזוי פאַרקאָכט אַליין צו גיין אָן דיין מאַן. עס איז ניט ריכטיק צו לאָזן לייבלען אַליין. דו מיינסט אַז אים איז פריילעך געװען נעכטן? ער איז געבליבן אַזוי אומעטיק.

אסתר'ס פּנים האָט זיך פאַרװאָלקנט. היינט האָט זי שוין צוגעזאָגט צו קומען און װעט גיין. די אײַנלאַדונג װעט װאַרטן אין דער קאַסע איז װי גייט מען ניט? מיט שיינדלען רעדט זי ניט מער. זי פאַרענדיקט איר אַרבעט. שיינדל גייט אַהיים מאַכן עסן און אסתר נעמט זיך אויך צוגרייטן אומבטברויט און פאַרבייגייענדיק זאָגט זי צו איר מאַן:—לייבל, היינט גיי איך אין טעאַטער. לייבל קוקט זי אָן דערשטוינט. אַליין? יאָ, שאָקלט אסתר מיטן קאָפּ, אַליין. איז װי אַזוי װייסטו װי צו פאָרן? מיטן סאָבװיי—זאָגט אסתר. — אָבער װי אַזוי װייסטו דעם װעג? לאַכט אסתר פריילעך, נעמט צום ערשטן מאָל אַרום לייבלען, גיט אים אַ שטאַרקן דריק צו איר האַרצן און אַ פריידיקע זאָגט זי:—לייבל, לאָז מיך לעבן מיין לעבן. מיר איז געװען זייער שװער צו קומען קיין אַמעריקע. די צװיי יאָר זיין דאָ איז אויך געװען שרעקלעך. איצט האָב איך, פון נעכטן אָן, געפונען מיין װעג. װאו דער װעג װעט מיך ברענגען, װייס איך ניט, אָבער דו לאָז מיך גיין. זיי מיין פריינט, שטיי ניט אין מיין װעג. איך האָב דיך ליב מיט די קינדער. מיר איז עס אָבער ניט גענוג. עס פעלט מיר רוים, דו פאַרשטייסט, לייבל? רוים!

ניין, לייבל האָט זיין פרוי ניט פאַרשטאַנען. ער האָט זי מער געפילט װי פאַרשטאַנען און געפילט האָט ער אַז ער מוז איר לאָזן גיין דעם װעג װאָס זי װיל גיין. געטראַכט זייער אָפט אַז צוליב זייער צעשייד זיין 10 יאָר, איז געקומען אַ פרעמדקייט, אַפילו די קינדער זיינען צו אים פרעמד. װאָלט ער געװען פאַרמעגלעך זיי געבן אַ היים, איז װאָזשע נעמט מען דעם פאַרמעגן?

באַלד נאָכן אָונטברויט, האָט זיך אסתר אָנגעהויבן קלייבן צו גיין אין טעאַטער. אָבער די קינדער זיינען שוין מער באַגייסטערט ניט געװען. פייגעלע האָט געזאָגט:—מאַמע, היינט גייסטו װידער אַװעק? רחלע האָט געבעטן די קינדער זיין רואיק—די מאַמע דאַרף היינט זען אַ נייע פאַר־

שטעלונג.—גיי, גיי, מאַמע— האָט רחלע זיך געטוליעט צו אסתר'ן, קום ניט שפּעט — האָבן די אינגלעך צוגעגעבן.

אסתר האָט געקושט אירע קינדער און איז מיט גיכע טריט אַרויס פון געשעפט וואו לייבל איז געבליבן און האָט נאָכגעקוקט זיין פרוי וואָס האָט ווי געקראָגן פליגל און וויל פון אים מיט די קינדער אַוועקפליען. ביין, ביין, זי וועט ווייט ניט פליען, האָבן זיינע ליפּן געמורמלט און ווען די קינדער זיינען שוין געשמאַק געשלאָפן, איז לייבל געלעגן מיט אָפענע אויגן און געוואָרט אויף זיין חלק לעבן...

***

זייער גיך האָט זיך אסתר געפונען אויף סעקאָנד עוועניו. אירע באַקאַנטשאַפטן זיינען געוואקסן ווי אויף הייזון. אירע פריינט זיינען געווען אַלע פון געמישטע פּראָפעסיעס. די סאַמע פיינסטע מענטשן, אין געגנזאַץ, מענטשן וואָס האָבן שוין פון לאַנג פאַרלוירן דער וועג צו זייער היים און די האָפענונג צו האָבן אַ היים.

דער מאַן אירער האָט אסתרן געלאָזט לויפן. רחלע איז געוואָרן די באַלעבאָסטע אין שטוב. אסתר'ן האָט מען געהאַלטן אין איין רופן אויפן טעלעפאָן. זי האָט זיך אַנגעשלאָסן אַן אַ קונסט קלוב צו העלפן קינסטלער און שרייבער. דורכן טאָג האָט זי געהאָלפן דעם מאַן און אין אָוונט געלאָפן צו איר געזעלשאַפט.

שיינדלען איז אסתר'ס וועג געווען פרעמד. אין דער אַלטער היים האָט זי איר געוואָלט ראַטעווען, ברייגנען צום מאַן, איצט איז איר מיסיע פאַרענדיקט. ביין, אסתר'ן קאָן מען ניט אָפּהאַלטן פון גאָרניט. עס איז טאָקע ווי איר מאַמע האָט געזאָגט אויף איר: "זאָל זי לויפן!"

פאַניע איז פון צייט צו צייט אַריינגעקומען צו אסתר'ן, גערעדט וועגן ביכער, אַנגערירט די פראַגע פון דער פרוי אַלס מאַמע און אירע אויפגאַבן וואָס זי האָט. אסתר האָט ניט ליב געהאַט דיסקוטירן. זי האָט געהאַט איין ענטפער, אַז די פרוי דאַרף קודם זיין אַ מענטש און לעבן איר אייגן לעבן. זי איז ניט קיין שטיקל מעבל וואָס דער מאַן האָט געקויפט און אַוועקגעשטעלט אין שטוב אויף אַ פּלאַץ און וואַרטן ביז דער בעל הבית וועט קומען און אָפּשטויבן. איך וויל ניט זאָגן אַז די פרוי דאַרף אַרומלויפן זוכן פאַרוויילונגען, זיכער האָט זי פליכטן, זי דאַרף צאָלן איר חוב אַלס מאַמע צו די קינדער און זיין אַ חבר צום מאַן. אָבער ביידע, דער מאַן און די פרוי

דאַרפֿן זײַן פֿרײַ, זיך ניט נאַרן. דאָס זעלבע דאַרף דער מאַן אויך טראַכטן און דעמאָלט וועט זײַן דער אמת ניט קיין ליגן.

פֿאַניע לאָזט אסתר׳ן רעדן. שיינדל מישט זיך ניט, זי האָט געוואָרפֿן אַן אומחן אויף פֿאַניען. זינט פֿאַניע איז דערשינען — דאָס מיינט, זי אַליין האָט דאָך איר געבראַכט צו אסתר׳ן — איצט רעדן זיי אַלץ ווי אַזוי די פֿרוי דאַרף גיין אַליין לעבן אַ גוטן טאָג און דער מאַן דאַרף נאָך לויבן און דאַנקען גאָט פֿאַרן חסד וואָס דאָס ווײַב קומט צוריק אַהיים! אָט האָסטו דיר אַמע־ריקע.

## 8.

נאָך עטלעכע יאָרן זײַנען אַריבער. אסתר׳ס און שיינדל׳ס פֿאַמיליעס האָבן זיך שוין לאַנג אײַנגעאָרדנט אין שיינע היימען. לייבל און הערשל אַרבעטן אין פֿאַבריקן פֿון פּוטערוואַרג. ביידע גוטע אַרבעטער, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער יוניאָן, און שיינדל האָט שוין איצט געערעדט פֿון דער יוניאָן ניט ווי אַ פֿרעמדע, ווײַל זי אַליין איז שוין אויך געוואָרן אַ יוניאָנ־ליידי, זי אַרבעט ביי ווייסע וועש אין אַ ריכטיקן יוניאָן שאָפּ.

ביידע פֿאַמיליעס וואוינען אין די בראָנקס אין פֿיינע, אַנשטענדיקע היימען. אסתר אַרבעט אין אַ הוט געשעפֿט אויף טרימאָנט עוועניו.

איר לעבן אין אַמעריקע איז אַוועק ניט שלעכט, חוץ וואָס אסתר׳ן ציט צו דער צווייטער עוועניו. פֿאַניע האָט איר געוויזן דעם וועג, און איצט גייט זי אַליין. געקראָגן פֿרײַנט און באַקענטע און איז אַן אָפּטע באַ־זוכערין פֿון אידישן טעאַטער.

קיינער ווייס נישט ווער זי איז. פֿילע מיינען אַז זי איז אַ מיידל. אַ מיידל ניט פֿון דער ערשטער יוגנט. זי גייט תּמיד אַליין, שמייכלט צו אַלע־מען, אַ מין לעגענדע.

אסתר האָט איצט געקראָגן אַ חברטע סאָניע. זי האָט אויך ניט קיין צופֿרידענעם לעבן, איבערגעלעבט אַ שטאַרקע ליבע מיידלווײַז, חתונה געהאַט און האָט צום מאַן קיין שום באַגער ניט. זי האָט אייך זון און גייט אויך אומעטום אַליין.

מיט אסתר׳ן האָט זיך סאָניע גאָר מחיה געווען.

ביידע האָבן זיי געאַרבעט ביי די היטעלעך אַלס פּאַרקויפערנס. זיי זיינען די זעלבע צייט געקומען קיין אַמעריקע. זיי האָבן זיך אַלץ אויס־דערציילט.

סאָניע האָט פון אַלץ געמאַכט אַ שפּאַס, ניט געגלויבט אַז ס׳איז פאַראַן טיפע געפילן.—אויף אויסגעטראַטענער ערד וואַקסט ניט קיין גראָז—האָט סאָניע געלאַכט.

אסתר האָט איר דערציילט פון איר איבערגעריסענער ליבע אין דער אַלטער היים, ניט געוואָלט מיטגיין מיטן געליבטן און ווי איר האַרץ איז נאָך אַלץ פאַרבענקט. סאָניע האָט אסתר׳ן דערציילט ניט פון איין ליבע, נאָר שוין פון אַ סך ענטוישונגען, און דערביי אסתר׳ן אויפגעקלערט ניט צו נעמען קיין זאַך ערנסט, ווייל דאָס לעבן איז אַ שפּיל און ווער עס נעמט די שפּיל ערנסט, דער פאַרלירט. לאָמיר בעסער אַרויסגיין פאַרברענגען און פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט.

יאָ, סאָניע האָט געקענט פאַרגעסן, אָבער ניט אסתר.

אסתר׳ן איז ניט געווען צום האַרצן דאָס נאַכט לעבן וואָס, קומענדיק אַהיים, האָט זי זיך תמיד מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אָפּגעגעבן איר מאַן וועלכער האָט אויף איר געוואַרט.

לייבל איז ניט געווען קיין נאַר. ער האָט גוט געקאָנט אסתר׳ן, נאָך פון דער היים געוואוסט אַז מיט בייזן וועט מען איר ניט געווינען. אָבער אַז ער וועט וואַרטן, וועט זי קומען צו אים.

די קינדער האָבן זיי געגעבן אַ פיינע דערציאונג. אסתר האָט ווי ווייט מעגלעך באַהאַלטן אירע ליידן.

רחלע איז שוין דעמאָלט געגאַנגען אין אַרבעטער אוניווערזיטעט, פייגעלע אין היי־סקול, ביידע זין זיינען געווען אין געשעפטן און אין אָוונט זיך געלערנט. די שטוב, אַ ליכטיקע, אַ ריינע, אָבער די ליבע זעליקייט האָט געפעלט און ווי צו שאַפן די סביבה, האָט אסתר ניט געוואוסט.

געווען טעג וואָס אסתר האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען אַז אַזוי וועט שוין זיין ביזן סוף. קיין גרויסע געשעעענישן זיינען ניט פאַרגעקומען, חוץ וועגן דער מעגלעכער מלחמה. אָבער ביז וואָס ווען, האָבן אסתר׳ס קינדער חתונה געהאַט. די זין און די טעכטער האָבן זיך זייערע באַשערטע געפונען און אָנגעזאָגט טאַטע־מאַמע די גוטע בשורה: מיר זיינען פאַרליבט, מיר האָבן זיך ליב, מיר גייען שוין לאַנג אַרום, און אַט ווערן געפּראַוועט שיינע חתונות פון די זין. די טעכטער האָבן חתונה געהאַט אָן טאַראַראַם.

אסתר און לייבל זיינען געווען מחותנים, אין די שידוכים זיך ניט געמישט. פייגעלע האָט חתונה געהאַט צו 16 יאָר. און שוין זיינען אַלע קינדער, גאָט צו דאַנקען, באַזאָרגט. געבליבן ביידע, ווי שיינדל זאָגט: "דיעד דאַ באַבאַ".

אייניקלעך האָבן אסתר'ס האַרץ דערפרייט אָבער דעם אומעט און בייַנקשאַפט ניט צוגענומען. אַ מין ווייטעק האָט גענאָגט אין האַרצן.

אסתר האָט פאַרמאָגט אַ ברויזנדן כאַראַקטער, און קוקנדיק אויף איר מאַן האָט זי געטראַכט: פאַרוואָס האָב איך ניט קיין מאַן מיט וועמען צו רעדן, זיך טיילן מיט מיינע געדאַנקען. זי האָט געבענקט נאָך אַ פריינט וואָס זאָל איר פאַרשטיין.

אסתר האָט געוואָלט אַז לייבל זאָל וועקן אין איר פאַרלאַנגען.

ניין, לייבל האָט קיין שום גרויסע פאַרלאַנגען ניט געהאַט. שווער האָט ער דעם טאָג געאַרבעט, איז ער געשמאַק געשלאָפן. אסתר האָט געברענט ביי זיין זייט, אים מקנא געווען אויף זיין געזונטן שלאָף. זי האָט אים ניט פאַרגונען וואָס ער האָט איר פאַר זיין ווייב. זי האָט געבענקט נאָך פאַר־ווײַלונגען. אירע תאוה׳ס פון אַמאָל האָבן איר ממש פאַרפייניקט.

אסתר קען ניט זאָגן אַז זי האָט פיינט לייבלען, פאַרקערט, אַן אים וואָלט געווען נאָך ערגער. זי איז צו אים שטאַרק צוגעבונדן. בכלל האָט זי ליב האָבן טענות צו זיך און זיך מאַטערן. לייבל האָט פאַרקוקט זיין פרויס קאַפּריזן, געוואוסט אַז זיי זיינען געווען צעשיידט צען יאָר. די צען יאָר זיינען געווען אין זיין וועג, האָט ער זיין פרוי געגעבן אַלע פריייהייטן. פון דער אַרבעט איז ער געקומען אין זיין נעסט און געפונען זיין אוצר וואָס קיינער, איז ער געווען זיכער, וועט ניט צונעמען. אסתר גראַדע איז גאָר־ניט אַזוי זיכער געווען. גייענדיק אויף איר וועג אַליין, האָט זי תמיד גע־חלומט פון אַ מענטשן וואָס זאָל איר פאַרכאַפּן...

אַזאַ מענטשן האָט אסתר איינמאָל באַגעגענט גאָר אומגעריכט. איין אָונט, זיצנדיק אַליין ביי אַ טישל אין דער קינסטלער קאַפע און באַטראַכט־ענדיק פרישע פנימער, האָט זיך פּלוצים געעפנט ברייט די טיר און אַ גאַנצע גרופּע עלעגאַנטע מענער זיינען מיט רעש אַריינגעקומען. אַלעמענס אויגן האָבן זיך צו דער גרופּע געווענדעט. אסתר'ן האָט פאַרכאַפּט איינער פון זיי. אַ הויכער, שטאַלטנער מאַן אין די פערציקער יאָרן, אַ גרויער, געדיכטער קאָפּ האָר, אָן אַ קאַפּעליוש, שוואַרצע, טיפע אויגן, אַן אַדלער נאָז, אַ טונקל מאַטאָווער פנים האָט אַ שוועב געטאָן פאַר אירע אויגן און זיין שמייכל האָט זיך אָפּגעשטעלט ווען ער האָט זיך אויף איר פאַרקוקט. ביידע זיינען

אויף אַ מאָמענט געוואָרן צעמישט. קען זי אים? און, אָן צערעמאָניעס קומט דער מענטש צו און פרעגט איר ווער זי איז, זי קומט אים פּאָר באַקאַנט.

אסתר, אין אַ פאַרלעגנהייט, ענטפערט אַז זי זעט אים דאָס ערשטע מאָל. דערווייל בעט ער דערלויבעניש זיך צוזעצן ביי איר טיש. זי דער־לויבט. שוין זיצן צוויי מענטשן ווי אַלטע גוטע פריינט, שמייכלען הארציק איינע צו די אַנדערע און ס'ווערט אסתר'ן וואַרעם אויפן הארצן. זע ווי עס לייגט זיך צענויף איר לעבן? ערשט איז איר געווען אַזוי אומעטיק און שוין איז דער אומעט פאַרשוואונדן.

אָבער לאַנג ביי איר טיש קאָן ער ניט זיצן. ער פרעגט בלויז איר נאָמען און פאַמיליע. פאַרשעמט זאָגט זי אים איר נאָמען. ער פאַרנייגט זיך, דריקט איר האַנט קרעפטיק און זאָגט איר אַז זיין נאָמען איז אַדלער, אַ פוילישער־אידישער אַרטיסט, ניט לאַנג אין לאַנד. די ווערטער רעדט ער שוין שטייענדיק. ער דערווייטערט זיך צו זיין געזעלשאַפט.

אסתר זיצט ביים טישל אַ פאַרחלומטע. אַזאַ באַגעגעניש... ווידער זעט זי ווי ער גייט צו איר טישל, פאַרנייגט זיך און פרעגט איר צי עמיצער נעמט איר אַהיים? ניין, זי איז אַליין געקומען און וועט אַליין אַהיימגיין. אפשר קען ער האָבן דעם כבוד איר נעמען אַהיים? אַ רויטקייט באַגיסט אסתר'ס באַקן. דעם כבוד זי נעמען אַהיים! וואָס איז עס פאַר אַזאַ גרויסער כבוד? אָבער זי שוויגט און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און באַלד זיצן זיי צוזאַמען אין אַ פיינעם אויטאָמאָביל. די גאַנצע געזעלשאַפט מענער וואָס זיינען מיט אים געקומען פאָרן אַצינד ווידער צוזאַמען.

אסתר פילט מאָדנע. ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? איר האַנט געפינט זיך אין אַדלער'ס האַנט. ער דריקט די האַנט שטאַרק, קיינער זאָל גאָרניט באַמערקן. זיי שווייגן דעם גאַנצן וועג, חוץ דער וואָס זיצט ביים רעדל פרעגט ווען עס קומט ריי אַראָפּצוגיין.

אסתר'ס ריי איז געקומען די ערשטע. אַריינקומענדיק אין שטוב שטיל, אום לייבל זאָל ניט געשטערט ווערן פון שלאָף, האָט געשוועבט פאַר אירע אויגן דאָס געשטאַלט פונם מענטשן וואָס זיין נאָמען איז אַדלער. ער זעט אויס ווי אַ שיינער אָדלער און זיין נאָמען לאָזט זי פון אירע ליפּן ניט אַרונטער. שטילערהייט ליגט זי אין בעט און ווערט אַנטשלאָפן מיט זיין נאָמען אויף אירע ליפּן.

צומאָרגנס, ווען מאַן און ווייב זיינען געזעסן ביים טיש און גע־פרישטיקט, האָט אסתר דערציילט לייבלען פון איר באַגעגעניש און ווי

גוטע מענטשן האָבן איר געבראַכט צו איר טיר. זיי קענען איר ניט, אָבער זיי זיינען שיינע, גוטע מענטשן.

לייבל פרעגט זיין ווייב: „איז וויזשע פאַרט מען מיט פרעמדע מענטשן ביינאַכט, איין פרוי מיט אַזוי פיל מענער?״ לאַכט אסתר און זאָגט, אַז זי האָט שוין לאַנג, לאַנג פאַרגעסן ווי מ׳האָט גאָר מורא. איבערהויפּט זיינען דאָך די מענער אידן, איז ווי ווען איין איד שלעכטס טאָן אַ צווייטן?

לייבל שמייכלט, גיט אַ קוש אסתרן פאַרן אַוועקגיין און פאַרשווינדט אין דער פרימאָרגן שטילקייט.

אסתר׳ס הוט געשעפּט עפּנט זיך אַרום 10 אַזייגער. זי האָט צייט. גייט זי אַרום, קלייבט צו איר שטוב און פון געדאַנק גייט איר שוין אַדלער ניט אַרויס.

ווען אסתר קומט אין געשעפט פאַרפּוצט ווי אַלע טאָג, פילן אָבער אַלע אַז אסתר קוקט אויס שענער ווי נעכטן, פרישער. סאָניע, די הויפּט פאַרקויפערין, מאַכט איר קאָמפּלימענטן. פרויען וואָס זיינען דעם טאָג געקומען קויפן זייערע קאַפּעליושן און אסתר האָט אויף איר קאָפּ זיי פריער געוויזן ווי שיין דער הוט איז, האָבן זיי באַוואונדערט איר עלעגאַנץ און האָבן אויף זיך די הוט אַנגעמאָסטן און געקויפט.

אַזאַ גוטן טאָג האָט אסתר שוין לאַנג, לאַנג ניט געהאַט. גייענדיק מיט סאָניען אַהיים, האָט אסתר דערציילט פון נעכטן אָוונט: „אַזאַ באַגעגעניש. ס׳האָט מיר צוריקגעבראַכט מיין יוגנט, סאָניע, עס איז גוט צו זיין יונג, סאָניע.״ סאָניע קוקט אָן אסתר׳ן און ענטפערט איר פּשוט, אַז זי איז שוין פון דער באַגייסטערונג לאַנג, לאַנג באַפרייט. „דו, אסתר, ביזט נאָך ביי אַלע דיינע יאָרן, מיט דערוואַקסענע קינדער, און שוין אַ באָבע, אָבער נאָך אַליין געבליבן אַ קינד.״

אסתר׳ס אויגן האָבן פאַרחלומט געקוקט אין דער ווייטקייט, געזען אין איר פאַרגאַנגענהייט אַן אַנדער געשטאַלט, אָבער אַדלער׳ס איז געווען בולטער.

סאָניע האָט פאַרשטאַנען אַז אסתר איז איצט ווייט פון איר, האָט זי זיך מיט איר געזעגנט.ביידע זיינען געגאַנגען אויף באַזונדערע וועגן. אסתר׳ס היים איז געווען ניט ווייט פון טרימאָנט עוועניו, און סאָניע האָט געדאַרפט פאָרן מיט דער סאַבוויי.

ווען אסתר איז אין שטוב אַריינגעקומען און גענומען צוגרייטן אָוונטברויט פאַרן מאַן, האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. צו איר איבעראַשונג

איז עס געווען אַדלער. „ווי און פון וואַנען האָט איר מיין טעלעפאָן?” אַ ליבלעך און ווייך קול ענטפערט: „אין טעלעפאָן בוך געפינען זיך אַלע די וואָס האָבן טעלעפאָנען”.

אסתר שווייגט. און ווידער הערט זי זיין שטימע: „קען איך צו אייך אַרויפקומען?” אין דעם מאָמענט זיינען פאַר איר פאַרבייגעלאָפן אייביקייטן. יאָ, ניין,—יאָ—האָבן אירע ליפּן געמורמעלט און אַדלער האָט באַדאַנקט און אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל.

אסתר איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע מיטן טרייבל אין האַנט, אַ צעטומעלטע האָט זי לייבל געפונען גרייטנדיק דעם אָונטברויט. און זיצנדיק ביים טיש, האָט זי שטיל געזאָגט: „לייבל, איינער פון די וואָס האָבן מיך געבראַכט אַהיים, קומט באַלד אַרויף צו אונדז”.

לייבל קוקט אויף אסתר'ס פאַרלאָרנקייט און פרעגט איר: „איז וואָסזשע ביזטו אַזוי פאַרלאָרן? אַ מענטש קומט, נעם אים אויף.”

„ווען קומט ער?”

אַ שטאַרקער קלונג , און אָט הערט זי אים לויפן די שטיגן און מיט ציטער אין זיין שטימע פאַרענטפערט ער זיך, ער וויל זי ניט באַאומרואיקן. אסתר האַלט אָפן די טיר ביז ער קומט אַריין אין פראָנט צימער. ער בלייבט דערשטוינט ווען ער דערזעט אַ מאַן און מיט אַ פאַרענטפערונג שטעלט ער זיך פאָר — מר. אַדלער.

אַדלער זעצט זיך ברייט אויף אַ שטול וואָס דער בעל הבית האָט אים אָנגעוויזן. זיין בליק פאַלט אין אַלע ווינקעלעך, איבערהויפּט קוקט ער אויף אסתר'ס מאַן און פאַרפירט אַ שמועס מיט אים.

באַלד דערציילט אַדלער אַ שיין מעשהלע און אַ צווייטע נאָך אַ שענערס, מעשהלעך פאַר קינדער. אסתר שלינגט זיינע ווערטער, ער מיידט אויס צו קוקן אויף איר און זי וויל אים זייער געפעלן, אָבער ער איז פאַרטיפט אין ריידן מיט איר מאַן. ער גיט אים אַ לעקציע ווי שיין עס איז ווען דער מאַן איז דער ברויטגעבער, ווייל אייגנטלעך האָט די פרוי זייער פיל אַרבעט און דער מאַן דאַרף עס אָפּשאַצן. אויך צו אסתר'ן ווענדעט ער זיך מיט אַ שמייכל, אַז די פרוי דאַרף זיך בעסער פוצן פאַר איר מאַן ווי פאַר אַ פרעמדן, ווייל דער פרעמדער זעט זי אויף מינוטן און איר מאַן דאָס גאַנצע לעבן.

זייער קלוג איז געווען זיין באַנעמונג און באַלד זיך פריינדלעך געזעגנט און פאַרלאָזט דאָס הויז.

דאַכט זיך אַלץ איז צוגעגאַנגען אַזוי פּשוט, אָבער אסתר איז שוין די נאַכט ניט געשלאָפן. אַדלער׳ס געשטאַלט, זיינע קלוגע אויגן, קען זי ניט פאַרגעסן.

פון יענער נאַכט אָן גייט זי אַרום ווי אַ פאַרטשאַדעטע. מער רופט ער זי ניט און עס נאָגט איר די חרטה. ניט בעדאַרפט אים הייסן אַרויפקומען. צו וואָס? ווייל ער האָט געוואָלט קומען, האָט זי ניט באַדאַרפט וועלן. זי האַלט אַז תמיד איז זי אין אַלעס שולדיק, איר אימפעט הרג׳עט אַלץ אַוועק. איצט רופט ער מער ניט.

אַזוי האָט זיך אסתר געמאַטערט עטלעכע טעג, ביז זי האָט געפונען זיין טעלעפאָן נומער און מיט ציטער אין איר שטימע אים געלאָזט וויסן איר נאָמען, צי ער וויל איר זען? זיכער, פאַרוואָס ניט? ווען? אַפילו היינט און דער היינט איז געוואָרן דער צאַפּל...

זעקס אַזייגער האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. אסתר נעמט דאָס טרייבל. יאָ, יאָ, אָבער זי ווערט פאַרצווייפלט, זיין פרוי איז ערשט אין שטאָט אַריינגעקומען און ער איז פאַרנומען...

מיט אַ ציטערדיקע האַנט האָט אסתר אַוועקגעלייגט די טרייבל, אַריינגעגאַנגען אין פראָנט צימער, געקוקט אויפן שטול וואו אַדלער איז אַזוי באַקוועם געזעסן, זיך געמאַכט פאָרוואורף פאַר אירע פאַרלאַנגען און אַזוי נאַריש האַנדלען און געפרעגט כמעט אויפן קול: ״פאַרוואָס טו איך עס?״ טרערן האָבן זיך געקייקלט פון אירע אויגן, זי האָט זיך געשעמט פאַר די פיר ווענט, און אָפּגעמאַכט ביי זיך צו ווערן בעסער...

דעם אָוונט האָבן מאַן און ווייב באַשלאָסן גיין אין אַ גוטן טעאַטער, עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד איז אסתר געווען די בעסטע פרוי און די ליבסטע מוטער.

# 9

## מלחמה

די מלחמה אין אַמעריקע איז געקומען ווי אַ אומגעריכטער דונער. פוירל האַרבאַר האָט אַלעמען אויפגעוועקט ווי פון אַ טיפן שלאָף. דאָס וואָס מען האָט געשריבן און גערעדט אַז אין אַמעריקע קאָן ניט פאַסירן—האָט

יאָ פּאַסירט. איבער נאַכט האָבן זיך אַלע אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף. אָבער דער אויסרוף איז ניט געווען היסטעריש. פּרעזידענט רוזוועלט האָט רואיק און זיכער געהאַלטן זיין רעדע צום פאָלק. גערופן דאָס פאָלק צו זיין אויף דער וואַך און פאַרטיידיקן דאָס לאַנד פון דעם ברוינעם פאַשיזם.

די מאָביליזאַציע איז געווען אין פולן שוואונג. אַלע האָבן געפילט אַז זייער חוב מוז ווערן געצאַלט. און מען איז געווען גרייט. איצט איז ניט געווען קיין פראַגע פאַר וואָס מיר שלאָגן זיך. מען האָט זיך געמוזט פאַרטיידיקן. די יאַפּאַנעזער האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט און היטלער איז געשטאַנען הינטער זיי.

אַמעריקע האָט זיך געהאַלטן ביי איר וועג, אַז יעדע פּאַרטיי קען זיין פריי און ריידן און טאָן וואָס זי וויל. און מען האָט פאַרקוקט די שונאים וואָס האָבן דעם פרייען געדאַנק אויסגענוצט און אויך ניט געזען זייערע בלוטיקע וועגן.

אין די קרייזן פון די דייטשישע פאַשיסטן אין יאָרקוויל, ניו־יאָרק, איז געוואָרן פריילעך. די ביר־פלעצער האָבן געיובלט. זיי זיינען געווען זיכער אַז היטלער וועט מיט שנעלע טריט דערגרייכן אַמעריקע און זיינע אַרויסהעלפער האָבן אים דאָ דעם באָדן צוגעגרייט. באַזויפענע פעטע דייטשען, מיט זייערע בלאָנדע, איבערגעוואָקסענע ווייבער, האָבן מיט שנאה אין זייערע אויגן אָנגעהויבן קוקן אויף די אידן. ניו־יאָרק איז באַלד איינגעטונקט געוואָרן אין פינצטערניש. אָבער אין די ביר־שענקען איז געווען ליכטיק.

די דייטשן האָבן געזונגען "דייטשלאַנד איבער אַלעס", ווי אויך דאָס ליד "ווען דאָס יודן בלוט פון מעסער רינט", און געגעבן סאַלוט זייער פירער.

אַמעריקע איז געשטאַנען פעסט אויף די פיס. די מאָביליזאַציע איז געווען פול מיט איבערגעבנקייט. זין און טעכטער זיינען באַלד אויף די פראָנטן אַוועק און צווישן די זין פון אידישע עלטערן, זיינען אויך געווען אסתר׳ס ביידע זין, פריוויליק זיך אָנגעשלאָסן און מיט מוט און גלויבן געגאַנגען באַשיצן דאָס לאַנד פונם ברוינעם פאַשיזם און אויך העלפן פאַרטרייבן דעם שונא פון אַלע פרידלעכע לענדער.

יונגע קינדער זיינען געלאָפן אין פייער. אַמעריקע האָט גענומען די מאָביליזאַציע העלדיש. די געשעפטן האָבן זיך פאַרבעסערט, פאַבריקן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעזערוואַרן צו פּראָדוצירן אַמוניציע און

קליידער פאַר די סאָלדאַטן. אידישע פרויען און יונגע טעכטער האָבן זיך געווידמעט צום רויטן קרייץ. בלוט — מ'האָט געדאַרפט בלוט אַריבערגיסן אין די פאַרוואונדעטע קערפּערס וואָס האָבן זיך פרייוויליק געוואָרפן אויפן שונא.

אין יענע שרעקלעכע טעג, ווען די צייטונגען האָבן געבראַכט די ידיעות פון גרויל און אומקום, האָט אסתר זיך געווידמעט דעם רויטן קרייץ. זי האָט מאָביליזירט פרויען וואָס האָבן געמאַכט באַנדאַזשן, גענומען לעק־ציעס ווער ס'וועט זיך בעסער אויסצייכענען. פילע מאַמעס זיינען געפאָרן אויפן פראָנט, געוואָלט זיין נעענטער צו די קינדער, זיך ניט געקענט גע־פינען קיין אָרט. אסתר האָט געטרייסט די מאַמעס, געוואָלט זיין זייער ביי־שפּיל און מיט האָפנונג און גלויבן געוואַרט אויפן אויסגאַנג פון דער מלחמה.

איר ברודער הערשל און זיין פרוי שיינדל מיט זייער טעכטערל פרו־מעניו, האָבן אויף דעם סוף פון דער מלחמה ניט אַרויסגעקוקט. איבער נאַכט זיינען זיי רייך געוואָרן. הערשל האָט פאַר זיך אויפגעעפנט אַ קליינעם שאָפּ און אויף קאָטאָוועס אָנגעהויבן נעמען פון קאָנטראַקטאָרס שינעלן צו נייען. צוגענומען באַלד עטלעכע מיידלעך און שיינדל געדענקט ניט ווי גיך זי איז באַגליקט געוואָרן. עס איז נאָך געווען צייט צו געפינען אין פאַרק עווע־ניו אַ שיינע היים. די טאָכטער איז ניט געווען קיין פאַרשוין, אָבער אַ גע־לערנט מיידל, האָט זי דעם טאַטנס געשעפטן געפירט. און שיינדל? יאָ, שיינדל האָט געזאָגט, אַז אַמעריקע איז איר טאַקע געפעלן...

אסתר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ קוקנדיק אויף איר שוועגערינס אויסגעפּוצטקייט און רייכקייט, און ווען זי האָט שיינדלען אויפגעקלערט און גערעדט אַז אין הינטערלאַנד מאַכט מען פּראָפיטן פון דער מלחמה, יונגע קינדער גיבן אַוועק זייערע לעבנס און מיר דאַרפן געבן אונדזער בלוט, טוען זיי זיך גאַר אָן אין טייערע קליידער, ציען זיך אַריין אין רייכע פּאַלאַצן און בויען זייער רייכטום אויף די קערפּערס פון אונדזער בלוט.

שיינדלען האָבן אסתר'ס רייד ניט גענומען. זי פלעגט אסתר'ן דערמאָ־נען רוסלאַנד. דאָרטן האָסטו געהאַט טענות און דאָ ביזטו ניט בעסער. דו קוקסט תמיד אויפן הימל און איך אויף דער ערד. האָב איך די מלחמה אויסגעטראַכט? דו מוסר'סט מיך, מסתמא פאַרגינסטו ניט דיין ברודער זיין לעבן. דיר האָט ער דאָך אודאי געטאָן שלעכטס, דיר, דיין מאַן און דיינע קינדער. איי די מלחמה, דיינע זין זיינען אין פייער? זיי האָבן זיך

געקענט ניט אַנשליסן. אַז זיי האָבן שוין חתונה געהאַט און האָבן שוין קינ־דער, טאָ צו וואָס דאַרפן זיי גיין אין פייער?

"דו, אסתר, ביזט דען אַ מאַמע? וואָס אַרן דיר דיינע קינדער, אַבי דו גיסט בלוט. גיב, גיב דיין בלוט, האָסט קיין עין הרע וואָס צו געבן. איך בין זייער שוואַך, מיין מאַן מיט מיין קינד האַרעווען שווער, עס קומט אונדז גרינג ניט אָן. דענקסט אַז דיין לייבל וואָלט ניט געקענט איצט מאַכן געלט? אַז ער וויל ניט, איז וואָס פאַר אַ טענות האָסטו צו מיר? דו מיט דיינע קינדער זיינען געוואָרן פאַטריאָטן, זאָל איך זיין צו געזונט. איך טו אויך מיין חלק, זאָרג זיך ניט..." און אַזוי האָבן זיך פאַרנאַנדערגעשיידט זייערע וועגן.

זעלטן אַז שיינדל האָט אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן אסתר'ן, און אסתר איז געווען פאַרנומען בייטאָג ביי איר אַרבעט, און די אָוונטן אָוועקגעגעבן דעם רויטן קרייץ און מיט דערוואַרטונג אַרויסגעקוקט אויף בריוו פון אי־רע קינדער.

## .10

דעם 12טן אפּריל, 1945, איז געשטאָרבן פּרעזידענט פרענקלין דע־לענא רוזוועלט. זיין פּלוצלונגדיקער טויט האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע לאַנד. אָט ערשט האָבן אַלעמענס אויגן אַרויפגעקוקט צום גרויסן פירער. אַלע האָבן געוואַרט אויף זיין וואָרט, אַלעמענס בליקן זיינען געווען געווענדט צום פּרעזידענט וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט די קאָנפערענץ אין איראַן. רוזוועלט, סטאַלין און טשוירטשיל זיינען געווען זיכער אַז דער ענדגילטיקער זיג וועט קומען. היטלער'ס סוף איז געווען נאָענט. די רויטע אַרמיי איז געגאַנגען זיגרייך קיין בערלין. ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן שוין געהאַלטן נאָענט דעם זיג פון די יאַפּאַנעזער.

און פּלוצלונג איז געקומען דער טויט פון פּרעזידענט רוזוועלט. ער האָט ניט דערלעבט צו זען דעם שלום אויף וועלכן די וועלט האָט מיט ציטער געוואַרט.

געווען געגנוג וואָס האָבן שוין אויפן שלום ניט געוואַרט: דאָס זיינען געווען די עלטערן וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער אין דעם קריג.

עס זיינען אויך געווען געשעפטסלייט וועלכע האָבן גרויסע געלדער פאַר־דינט.

דער לעבנסמיטל איז געשטיגן, דער דאָלאַר האָט פאַרלוירן זיין ווערט, די פאַרדינסטן זיינען געווען גרויס, קיין אַרבעטסלאָזיקייט איז שוין מער ניט געווען, אָבער דער דוחק אויף וואוינונגען זיינען געוואָרן שרעקלעך. די מענטשן אין אַמעריקע האָבן זיך געפילט זיכער ווי אין נח׳ס תבה. די נאַכריכטן פון איראָפּע אַז שחיטות אויף אידן ווערן פאַרט־געזעצט, האָבן דאָ אין אַמעריקע ניט אָנגערירט. אידן זיינען דאָ אין שוואַרצן ניט אַרומגעגאַנגען. דער ציפער 6 מיליאָן, האָט ניט געמאַכט קיין שום רושם. פאַרקערט, באַנקעטן, אונטערנעמונגען, בעלער, טענץ. אַלץ איז געווען אויסגעמישט מיט שרעקלעכע רעדעס, שילדערונגען פון די גרוילן פון דער וואַרשעווער געטאָ. ביי די טישן זיינען געזעסן פאַר־פוצטע געסט, געהאַלטן גאָפּל־מעסער, אָבער דער ביסן איז געבליבן אין האַלז ניט אַראָפּצושלינגען און ניט אויסצושפּייען.

אַזוי איז געווען טאָגטעגלעך. די טרויעריקע נאַכריכט פון פּרעזי־דענט רוזוועלט׳ס טויט האָט נאָך בולטער אַרויסגעבראַכט דעם צערייצטן געראַנגל.

באַלד האָט וויים־פּרעזידענט טרומאַן פאַרנומען דעם אַמט פון פּרע־זידענט.

טרומאַן האָט געשוואָרן גיין אין די פוסטריט פון פּרעזידענט רוז־וועלט.

פּרעזידענט טרומאַן איז אָבער גלייך אין אָנהייב ווי צעטומלט געוואָרן פון זיין אַמט, זיך געוואָרפן ווי אַ פיש אין וואַסער. צוגעזאָגט אַלע גליקן. וואָלט פריער פאַר אים ניט געווען רוזוועלט, איז אפשר מעגלעך אַז טרומאַן וואָלט ניט געווען פון די ערגערע פּרעזידענטן וואָס אַמעריקע האָט פריער געהאַט. טרומאַנ׳ס אומגליק איז אָבער געווען, וואָס פּרעזידענט רוז־וועלט האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות אַלס פירער, און וועלכער פּרעזידענט עס זאָל ניט געווען קומען נאָך רוזוועלט׳ן, וואָלט מיט אים געווען די זעלבע זאַך. האָט זיך פּרעזידענט טרומאַן גענומען צו דער אַרבעט אַז די מלחמה זאָל זיך פאַרענדיקן.

ווידער איז געווען אַ צוזאַמענפאָר וואו די דריי גרויסע מעכטע האָבן געשלאָסן דעם זיג פאַר געזיכערט. די צייטונגען האָבן אַלע טאָג געבראַכט נייס, מיינונגספאַרשידנהייטן, קריג צווישן פאַרטייען. אן אמת׳ער בבל.

און פלוצלונג—דער זיג איבער יאפאן. עס איז געווען א טאג פון פרייד. אינגיכן איז געקומען דער ענדגילטיקער שלום איבער דער וועלט. מענטשן האבן געיובלט, געטאנצט אין די גאסן. פטור געווארן פון היטלער׳ן. דער זיג איז געווען זיכער. יעדער טאג האט געבראכט פרישע פרייד און דערגרעבערונג.

אין יענע טעג איז אסתר ארומגעגאנגען ווי אין א חלום. זי האט דער־לעבט צו זען היטלער׳ס סוף. אט ערשט איז געווען ביט צו גלויבן צי וועט היטלער פארניכטעט ווערן, און אט זיצן שוין די מערדער אויף דער באַ־שולדיקונגס באנק.

די טעג און וואכן זיינען שנעל געלאפן. די ראדיא האט פריילעכע בשורות אנגעזאגט. עס איז נאר געווען א פראגע פון שיפן אויף צו שיקן די סאלדאטן צוריק אהיים, ווייל פריער האט מען די סאלדאטן אהיימגעשיקט וואס האבן זיך שוין לאנג געהאט אפגעוואוינט פון א בעט און א צודעק.

אסתר׳ס זין זיינען געווען אין הינטערלאנד און זייער צייט האט זיך פארענדיקט און שוין פרייט זיך אסתר מיט אירע קינדער. אבער זי פרייט זיך שטיל. זי ווייל ביט אויפרעגן די מאמעס וואס האבן ניט זוכה געווען צו זען זייערע קינדער צוריק, איז ווי אזוי־זשע קען מען זיך פרייען? אבער די פרייד איז גובר און די עלטערן וואס האבן זייערע קינדער צוריקגע־קראגן, האבן שמחות געפראוועט און זיך געלאזט וואוילגיין.

**.11**

## פסח אין פרידן—1946

דער ערשטער פסח, ווען דאס פאלק האט אראפגעווארפן דעם יאך פון היטלעריזם. אלע פעלקער פון גאר דער וועלט האבן זיך געפרייט מיטן שלום. דער היטלעריזם איז באזיגט געווארן. א שיינער טאג האט ארייג־געקוקט אין אסתר׳ס לופטיקער שטוב. עס איז איר היינט געווען צום ערשטן מאל אין איר לעבן גוט. א ליבע זעליקייט האט איר באהערשט. אירע קינדער זיינען שוין אין זייערע היימען און היינט אוונט,

צום ערשטן סדר, וועלן זיי קומען צו איר און זיך פרייען מיט דעם יום־טוב פון באַפרייאונג.

לעצטנס פילט אסתר אַז אַלע אירע מיידלשע כחות קומען צו איר צוריק. אַ באַנייאונג אין אַלע אירע אברים. גאָט, דאַנקט זי פרום, פאַרוואָס קומט עס מיר? טרערן קומען איר אין די אויגן, פלינק פאַרעט זי זיך אין קיך, די קינדער אַלע קומען, זיי קומען מיט זייערע קינדער. אסתר פילט ווי עס ווערט איר וואַרעם ווען אירע אייניקלעך רופן איר ״באָבע״. זי שמייכלט ביים נאָמען ״באָבע״. זי גייט פון איין צימער אין צווייטן, מאַכט אָרדענונג, אָבער אירע געדאַנקען פאַרטראָגן איר צו איר יוגנט. זי קוקט אַריין אין דער פאַרגאַנגענהייט ווי אין אַן אָפענער טיר, זי גלויבט זיך קוים אַז זי האָט אַלץ איבערגעלעבט. אַ רויטקייט באַגיסט אירע באַקן. אַבי זי האָט געמיינט אַז זי איז באַפרייט געוואָרן פון אירע בענקשאַפטן... ניין, ניין, סאַמע איצט, ווען זי דאַרף טראַכטן פון איר מאַן און פון אירע קינדער, טראַכט זי ווידער פון איר איינזאַמען לעבן. זי טרייבט פון זיך די געדאַנקען און וויל איצט זיין מיט איר פאַמיליע. אָבער איר בענקשאַפט איז גובר.

—ביזוואַנען וועל איך ליידן — מורמלען אירע ליפּן — מיר איז דאָך אַזוי גוט, פאַרוואָס גייט מיר מיין לעבן ניט איין? אַ שטימע אין איר ענטפערט:

—דערפאַר וואָס דו האָסט דיין יוגנט געלעבט אַן ליבע און אַן זון, דו האָסט זיך תמיד געזעטיקט מיט ברעקלעך פון אַ פרעמדן טיש, דערפאַר וואָס דיינע ליבעס האָסטו דערשטיקט אין זיך און מיט פּחד האָסטו זיך אַרומגעקוקט צי מען זעט דיך ניט. דו ביזט תמיד געווען ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה וואָס זוכט אַ פּלאַץ פון רו און פרידן און תמיד ביזטו אין אַ גרעסערער אומרואיקייט אַריינגעפאַלן. דו האָסט ניט געהאַט קיין מוט איבערצוצרייסן מיט דיין לעבן און אָנהויבן בויען אַ נייעם לעבן, און אויך דערפאַר וואָס טיף אין האַרצן ביזטו פאַרבונדן מיט אַלע פעדעם, מיט דער אַלטער טראַדיציע פון בלייבן נעבן פאָטער פון דיינע קינדער. און איצט?

אַ שווידער כאַפּט אַרום אסתר׳ן. איצט איז אַלץ געענדיקט. אָבער קיינער דאַרף דאָס ניט וויסן. אסתר כאַפּט זיך אַז עס ווערט שפּעט און זי דאַרף נאָך אַזוי פיל צוגרייטן. איר ברודער הערשל און זיין פרוי שיינדל מיט זייער טאָכטער קומען היינט אויך צום סדר. שיינדל דאַרף איר קומען העלפן און אַלץ איז שוין כמעט ווי אָפּגעטאָן. זי וואונדערט זיך, אסתר, אויף איר כח אויפצוטאָן אַזוי פיל אַרבעט און נאָך קענען טראַכטן פון זאַכן וואָס מען דאַרף פאַרגעסן.

אַ קלונג איך טיר האָט זי אויפגעוועקט פון אירע געדאַנקען. זי איז זיכער אַז עס איז שיינדל, אָבער אָנשטאָט שיינדלען איז אין טיר געשטאַנען איר אַמאָליקער יוגנט חבר באָריס. — גאָט אין הימל, באָריס! — באָריס שמייכלט און רעדט איר נאָך — גאָט אין הימל!—און דו, אסתר, האָסט מיך באַלד דערקענט. ברייטער עפנט זי פאַר אים די טיר. ער קומט אַריין אין פאָדערצימער. זיין הויך געשטאַלט און זיין געדיכטע קאָפּ האָר דער־מאָנט איר אויף איין מאָל איר גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. זיינע האָר זיינען אָנשטאָט שוואַרץ, ווייס געוואָרן, אָבער זיין פּנים איז געבליבן יונג, מיטן זעלבן קלוגן שמייכל אויף זיינע ליפּן, און ווען אסתר פירט אים אַריין אין צימער, ענטשולדיקט זי זיך פאַר אים. זי מוז אַריינגיין אין קיך פאַרענ־דיקן דאָס קאָכן. אויב ניט, וועט היינט ביים סדר ניט זיין וואָס צו עסן. זי האָפט אַז ער וועט פאַרבלייבן ביי זיי צום סדר. און אַן אַן ענטפער ווערט זי פאַרשוואונדן פון צימער.

באָריס זעצט זיך טיף אַריין אין אַ ווייכער שטול. ער פאַרמאַכט זיי־נע אויגן און זעט איצט אסתר׳ן נאָך בולטער ווי מיט 20 יאָר צוריק. איצט זעט ער זי, דעמאָלט, אין יענע רעוואָלוציאָנערע יאָרן אין סאָוועטנפאַר־באַנד, איז אסתר געווען קראַנק און צעבראָכן, אָבער ער האָט זי ליב גע־האַט, אַלע יאָרן איר אַרומגעזוכט, אויף אַלע וועגן זי געזוכט און ניט גע־קאָנט געפינען. אַן אומרואיקער גייסט האָט אים געטריבן פון שטאָט צו שטאָט ביז נעכטן אין צייטונג האָט ער געפונען אַ נאָטיץ אַז אסתר זוכט אירע אַ חברטע און אָנגעגעבן איר נאָמען און אַדרעס. מעגלעך אַז עס איז געווען אַ צופאַל. אפשר האָט זי גאָר אים געזוכט. ניין, אסתר האָט אים ניט ליב, אין דעם איז ער זיכער, זי איז אים ניט אַריינגעפאַלן אין זיינע ארעמס און זיך ניט דערפרייט מיט זיין קומען. ווי שיין זי איז נאָך אַצינד.

באָריס שטייט אויף פון זיין פּלאַץ און הויבט אָן באַקוקן דאָס צימער: בילדער פון אירע קינדער, פון די אייניקלעך. אויף איין בילד איז זי דאָ מיט איר מאַן. וואָס קער זי זיך אָן מיט איר מאַן?

אַ קלונג פון גלעקל האָט אים אויפגעוועקט. אסתר לויפט עפענען די טיר. דאָס מאָל איז עס איר שוועגערן שיינדל. זי הייבט אָן פינטלען מיט די אויגן ווען אסתר שטעלט פאַר איר פאַר באָריסן. שיינדל ווייסט פון אסתר׳ן אַז באָריס האָט איר אין דער אַלטער היים ליב געהאַט און אַז ער איז באַלד נאָך איר קומען קיין אַמעריקע אויך געקומען אַהער. שיינדלען געפעלט באָריס. בכלל געפעלט שיינדלען אסתר׳ס פריינט. גאָר אַנדערע מענטשן.

אַזעלכע שיינע. שיינדל פאַרגעסט אַז זי דאַרף העלפן צוגרייטן דעם סדר. זי באַזעצט זיך געמיטלעך נעבן באָריסן און הייבט אים אָן אויספרעגן ווי־פיל יאָר ער איז שוין אין לאַנד און פאַרוואָס האָט מען פון אים די גאַנצע צייט ניט געהערט. באָריס קוקט אויף שיינדלען און רעדט פאַר אסתּר׳ן. ער דערציילט אַן ערשטנס האָט ער געביטן זיין נאָמען, ער שרייבט איצט אין אַ אידישער צייטונג, ער איז אין אַמעריקע כמעט אַזוי פיל יאָר וויפיל אסתּר. צום באַדויערן האָט ער די גאַנצע צייט געוואוינט אין שיקאַגאָ. ער האָט זיך געריסן צו פאָרן קיין ניו־יאָרק, געוואוסט אַז דאָ איז אַ בעסער געזעל־שאַפטלעך לעבן, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט, די מלחמה איז פאַר־ענדיקט, צו וואָס זיך האַלטן אין אַ שטאָט וואו מ׳איז אָפּגעריסן פון דער אידישער קולטור? זיין אַרבעט איז אַצינד אָפּגעשאַצט און שוין עטלעכע חדשים אַז ער געפינט זיך אין ניו־יאָרק און זוכט אַרום אסתּר׳ן. פאָרט פון איין שטאָט און געוועזן אַזוי פיל יאָרן צוזאַמען אין דער באַוועגונג, דורכ־געמאַכט די רעוואָלוציע, און פּלוצלונג געלייענט דעם נאָטיץ אין דער צייטונג, דערזען אסתּר׳ס אַדרעס און אַלץ איז דערליידיקט. און אָט, פּונקט צום סדר בין איך אַייער גאַסט.

באָריס שטעלט זיך אויף, גייט צו צו אסתּר׳ן, נעמט אָן אירע הענט, קוקט איר אַריין אין פּנים און פרעגט איר פאַרוואָס זי שוויגט.

אסתּר שוויגט, זי פילט אַז מיט באָריסעס קומען איז צוריקגעקומען אַלע אירע זכרונות פון אַמאָל. זי ענטשולדיקט זיך פאַר באָריסן און נעמט מיט שיינדלען אין עס צימער וואו מ׳מוז אָנהויבן גרייטן צום טיש. איר מאַן קומט באַלד און באַצייטנס וועלן די קינדער קומען.

אסתּר׳ס קאָפּ אַרבעט. וואָס זאָל זי זאָגן איר מאַן? ווער איז דער גאַסט? אָבער זי באַשליסט אַז דער גרעסטער שווינדל איז דער אמת. באָריס איז איר יוגנט פריינט פון איר היים. ער איז דער וואָס פלעגט איר אין אירע גרויע, איינזאַמע שטונדן אַריינטראָגן ליכט אין איר לעבן און דאָך איז איר האַרץ פאַר אים תּמיד געווען פאַרשלאָסן. דאָס איז באָריס, וואָס באַלד ווי זי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע איז שפּעט ביינאַכט אָנגעקומען אַ טעלע־גראַמע. אין דער פרי האָבן זיי זיך דערוואוסט אַז באָריס איז דורכגעפאָרן ניו־יאָרק. מער האָט זי פון אים ניט געהערט.

און אַזוי זיינען יאָרן פאַרלאָפן און איצט איז באָריס איר גאַסט. אָט אַזוי וועט זי דערציילן איר מאַן.

שיינדלען בעט אסתּר זיין אין קיך, אַכטונג געבן אויפן אויוון און

אַליין גייט זי אַריין אין וואַשצימער, זיך אויספּוצן פאַרן סדר וואו עס וועט זיין זייער אַנגענעם צו זען דעם מענטשן וואָס האָט זי אַזוי ליב און וואָס וואַרט אויף איר בליק און אויף איר שמייכל זיין גאַנץ לעבן.

אסתר איז אַרויסגעקומען אַן אויסגעוואַשענע, אַ שיינענדיקע, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז זי שנעל אַריין אין פראָנט־צימער. באַריס איז איר אַנטקעגנגעקומען און אַן ווערטער האָט ער איר אין זיינע אָרעמס איינגעשלאָסן, אַ הייסן קוש איר געגעבן. דאָס איז געווען אַ קוש אויף וועלכן באַריס האָט יאָרן לאַנג געוואַרט און אים דערגרייכט אין שפּעטן הערבסט.

# אומרו

ניו־יאָרק האָט באַקומען די רואיקייט פונם פרידלעכן לעבן. די זעלבער האָבן זיך אַנגעהויבן אומקערן צוריק פון די שלאַכטפעלדער. אַ סך פון זיי זיינען געקומען געשעדיקט, אָבער אַ סך זיינען געקומען צופרידן און גליקלעך וואָס זיי האָבן געטראָפן זייערע היימען גאַנץ. דאָס באַרמאַלע לעבן האָט פריידיק געשלאָגן אין יעדן האַרץ.

אויף אַ זייטיקער גאַס, אין סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק, האָבן געמיטלעך שפּאַצירט צוויי מענטשן: באַריס מיט אסתר'ן. באַריס האָט אסתר'ן געפירט אונטערן אָרעם. זייערע פינגער זיינען געווען איינגעשלאָסן. ביידע זיינען איצט געווען גליקלעך. זיי האָבן זיך געפונען אין יענער ליכטיקער פאַרגאַנגענהייט פון יוגנט. באַריס דערציילט אסתר'ן פון זיין לעבן. ווי דאָס גליק האָט אים תמיד פערזענלעך אויסגעמידן, בישט קוקנדיק אויף דעם וואָס צוויי מאָל איז ער שוין געווען פאַרבונדן מיט פרויען וואָס האָבן אים ניט געגעבן די רו פון קענען זי, אסתר'ן, פאַרגעסן. געמיינט האָט ער אַז די פרויען זיינען געווען שולדיק. אָבער איצט זעט ער אַז שולדיק איז געווען זיין ליבע און זיין בענקשאַפט נאָך איר. קיין אַנדער פרוי קען ער ניט ליב האָבן. ערשט איצט ווייס ער אַז זי איז זיין אויסדערוויילטע. דערפאַר איז ער געבליבן יונג, כאָטש זיין קאָפּ איז געוואָרן גרוי.

אסתר טוליעט זיך וואַרעם צו זיין זייט. זי זעט וואָלאָוון, באַריס איז זיין אומבילד, אָבער איצט הייבט זי אָן פון אָנפאַנג...

צו באַריסן פילט זי וואַרעמע געפילן, זיי פאַרשטייען זיך אויסגעצייכנט. ער רופט איר מיט די שענסטע נעמען. ווי שיין ער קען ליב האָבן. אַ ציטער לויפט איר דורך אירע גלידער. ער דערפילט איר פאַר־

לאַנג. ביידע זיינען שכור פון באַגער... זיי רעדן מער ניט, רייד זיינען איבעריק. זיי פאַרשנעלערן די טריט און באַלד געפינען זיי זיך בא באָריסן אין צימער. אסתר'ן קלאַפּט שטאַרק איר האַרץ. זי פילט אַז זי דאַרף דאָ ניט זיין. באָריס נעמט אַרונטער פון איר איר הוט און מאַנטל, פאַלט צו צו אירע פיס, קוקט אַרויף צו אסתר'ן. זי זעט וולאַסאָוו'ן, אָבער איצט זיינען אירע קינדער דערביי ניטאָ, זיי זיינען שוין דערוואַקסענע און האָבן אַליין קינדער, און פאַר אירע פיס ליגט אַ בילד שיינער מאַן און בעט ליבע... ער רופט איר אָן מיט די צערטלעכסטע נעמען. זי בעט אים זיך זעצן נעבן איר. ער שליסט איר אַיין אין זיינע אָרעמס און שטיל רופט ער איר: „נשמה מיינע, דו ביזט מיינע, מיין אייביקער חלום...” און ווען ביידע האָבן זיך באַרואיקט, האָט באָריס פאַר איר זיינע שאַפונגען געלייענט.

באָריס איז געווען גליקלעך. אויך אסתר האָט דערפילט אַז זי איז צו אים צוגעבונדן און שטאַלץ גענומען פונם לעבן וואָס, לויט איר מיינונג, איז עס איר געקומען. איר שטוב איז איר געוואָרן פרעמד, דעם מאַן האָט זי מער ניט געקענט פאַרטראָגן, צו די קינדער איז זי מער ניט געלאָפן. איר אויסקוק האָט אַלעמען פאַרוואונדערט.

אסתר האָט אויסגעזען יונג און רייצנד. אירע באַהאַלטענע באַגעגענישן מיט באָריסן האָבן איר צוריקגעבראַכט צו איר יוגנט און מיט איר אימפעט האָט אסתר געשפּאַנט און אַלץ געשטעלט אין קאָן.

## .12

## מעצענאַטן

באָריס איז אַיינגעלאַדן געוואָרן צו די מעצענאַטן וואָס האָבן געשטיצט קונסט און קינסטלער. זייער פאַמיליע־נאָמען איז געווען וואָלף. קינדערלאָזע צוויי מענטשן. האָבן באַוואוינט אַ פּראַכטפולע געביידע, געבויט פון דעם בעסטן אַרכיטעקט, ניט ווייט פון האָדסאָן ריווער. זייער הויז איז געווען אָפן פאַר אַלע קינסטלער מיט נעמען. ווען עס פלעגט גערעדט ווערן פון אַ קינסטלער וואָס האָט אויסגענומען, זיינען זיי געווען די וואָס האָבן אים געגעבן די האַנט און אַיינגעלאַדן די „פּני” פון דער קינסטלער קאָלאָניע. אַזאַ אויפנאַמע איז געווען דערנאָך דער געשפּרעך פון טאָג.

זייער אָפּט האָט מען וועגן זיי געשריבן אין דער פּרעסע. די אויסערלעכע וועלט האָט זיי אָפט געזען באַזונדער. ביידע האָבן געטאָן זייער אַרבעט אויף פֿאַרשיידענע געביטן פון הילף. זי איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין אי־דישע קינדער־דערציאונג און ער, וואָלף, אין טעאַטער און שרייבער. ביידע שויִן אין די מיטעלע יאָרן. פרוי וואָלף — אַ פעסט געבויטע, פול־בלוטיקע, מיט אַ שיין געשניצטן פּנים, אַן אָריגינעלער שמייכל. צו איר מאַן, הער וואָלף, האָט געפּאַסט זיין נאָמען וואָלף.

אַלע גרויסע שטערן און אַלע גרויסע דיכטער האָבן געוואוסט פון זייער גרויסקייט ווען הער וואָלף האָט באַוויליקט זיין שטוב זיי צו געבן אַן אויפנאַמע. עס ווערט דערציילט אַז שרייבער און קינסטלער האָבן גע־האָט אַ סך שוועריקייטן ביז זיי האָבן דערגרייכט די מדרגה איינגעלאַדן צו ווערן פון די דאָזיקע צוויי מענטשן. איינלאַדונגען האָבן געקראָגן נאָר אויסדערוויילטע. דעריבער איז ניט קיין וואונדער וואָס אסתר האָט זיך גע־פילט גליקלעך ווען באַריס האָט איר איין אָוונט געזאָגט, אַז מאָרגן בעמט ער זי אין אַ זייער אָנגעזעען פּלאַץ, וואו עס וועט זיין אַ יום־טוב לכבוד אַ שרייבער וואָס איז באַרימט געוואָרן צוליב זיינער אַ דראַמע און די וואָלפס אָרדענען איין אַ יום־טוב.

אסתר האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. זי האָט קיין מאָל ניט גע־חלומט צו זיין צווישן די מענטשן און איבערהויפּט ביי די וואָלפס.

באַריס איז לעצטנס צו אסתר׳ן געוואָרן אָפּגעקילט. זיין פּאָפּולאַרי־טעט האָט אים אַריינגעפירט אין דער הויכער געזעלשאַפט, וואו אַלע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין שיינעם אויסזען און הויכער בילדונג. דער רע־דאַקטאָר פון זיין צייטונג איז געווען פון באַריסן מער ווי צופרידן. די אָפּ־טיילונג וואו באַריס געהאַט זיין ״קאָלום״ איז געלייענט געוואָרן מיט טיפן אינטערעס. לעצטנס האָט ער זיך הויפּטזעכלעך פאַרנומען מיט טע־אַטער רעצענזיעס. דעריבער איז ניט קיין וואונדער וואָס ער איז דעם אָוונט געווען איינגעלאַדן צום יום־טוב וואָס די מעצענאַטן האָבן איינגעאָרדנט.

מיט אַ ציטערדיק האַרץ איז אסתר געפאָרן מיט באַריסן. זי האָט גע־טראַכט אפשר וואָלט זי ניט געווען געדאַרפט אָננעמען די איינלאַדונג מחמת זי האָט די מענטשן ניט געקענט צו גוט, און דערצו נאָך האָבן יענע איר אפשר געקענט פון דער שלעכטער זייט.

ביז באַריס איז צו אסתר׳ן געקומען, איז איר לעבן געווען אינגאַנצן אַנדערש. און איצט? אסתר ווערט אויפגעוועקט פון איר פאַרטיפונג. באַריס

זאָגט אַז אויף דער קומענדיקער סטאַנציע גייען זיי אַרונטער. ווען זיי קומען אַרויס אויף דער גאַס, זעצן זיי זיך אַריין אין אַ טעקסי. באָריס הייסט דעם שאָפער זיי פירן אויף ריווערסייד דרייוו. ער זאָגט דעם נומער. רחבות'דיק פאָרט די מאַשין איבערן גלאַטן אַספאַלט. די קילע נאַכט פרישט אָפּ אסתר'ס געמיט. זי דערמאָנט זיך אין אירע קינדער־יאָרן ווי זי פלעגט לאַנגע שטונדן פאַרברענגען אין דעם האָרעדיטשער וואַלד אָדער ביים פרישן וואַסער. די נאַטור האָט אסתר ליב, דאָס פאַרגעניגן גיט זי נאָך אַצינד ניט אויף. אָבער פון זינט באָריס איז דערשינען, האָט איר לעבן באַקומען אַ זינען. באָריס האָט איר לעצטנס באַקענט מיט זיינער אַ פריינדין פון דער צייטונג וואו ער אַרבעט. זי איז זיין סעקרעטאַרן. אַ ליכטיקער מענטש. ער לויבט זי פאַר איר אָריגינאַליטעט. זי האָט אַ מאַן און קינדער. אָבער אַזאַ לעבן איז אַ זעלטנהייט. זיי גיבן די קינדער אַ ריכטיקע דערציאונג. זייער קליינע היים, וואו באָריס האָט זי שוין אַ פאָר מאָל מיטגענומען, איז אַ טעמפּל פון געטלעכער שטילקייט. שושנה הייסט זיין פריינדין און איצט איז זי געוואָרן אסתר'ס פריינט. אסתר קען איר ניט תופס זיין, אָבער זי פילט אַז זי איז דער מענטש פון מאָרגן. אַזעלכע מענטשן דאַרפן ערשט געבוירן ווערן. דערווייל איז דאָ שושנה, זאָל זי זיין געבענטשט.

איצט נעמט איר באָריס צום היינטיקן אָוונט. זי וועט הערן און זען מענטשן וואָס זי חלומט תמיד פון זיי. שושנה איז פון די געזעלשאַפטן ניט פאַרכאַפּט. זי איז גליקלעך ווען זי בלייבט אין איר היים, מיט איר האַרץ (אַזוי רופט זי איר געליבטן מאַן), מיט אירע טייבעלעך (אַזוי רופט זי אירע קינדערלעך). דעמאָלט ווערט זי די פרינצעסין פון אַ קינדער מעשהלע. די פייגעלעך פליען אויף די ביימער און זינגען. פונקט אַזוי זינגט שושנה ווען זי האָט צייט. זי אַרבעט זייער שווער און גראַדע ניט צוליב געלט, נאָר כדי צו העלפן דער מענטשהייט. באָריס דערציילט זיך אָן זייער פיל פון שושנה'ן ווי זי גיט אַוועק דאָס לעצטע, אַבי צו מאַכן גוט און גרינג אירע מיטמענטשן.

אסתר ווערט אָנגעפילט מיט אַ סך ליבע צו דעם מענטשן פון מאָרגן, און זי טראַכט, אַז ווען אַפילו באָריס זאָל געפינען פאַר נויטיק אַוועקצוגיין פון איר, האָט ער זי פאָרט געבראַכט אויפן ריכטיקן וועג, איבערהויפּט ווען עס איז געבראַכט געוואָרן פון אַ מענטשן וואָס גלויבט איר און האָט זי אַרויסגענומען כמעט פון אונטערגאַנג.

יאָ, אסתר איז זיכער אַז זי וואָלט געווען אונטערגעגאַנגען. עס האָבן

זיך שוין געהאַט אַלע פּעדעם צעריסן אָדער פאַרענדיקט. די קינדער און דער מאַן האָבן אסתר׳ן ניט געבונדן און זי פלעגט אַן אַ חשבון וואַנדערן. זיכער האָט זי זיך געשאַנעוועט. אָבער, ווער האָט דען געגלויבט? אַלע האָבן אויף איר געקוקט מיסטרויאיש. ווער איז די פרוי? וואָס וויל זי? אייניגע האָבן איר טאַקע געפרעגט ווער זי איז און דערנאָך האָט אסתר געטראַכט מיט פאַרצווייפלונג: "ווער בין איך? פאַרוואָס פרעגט מען מיך ווער איך בין?"

איצט אַז באָריס שטעלט איר פאָר, זאָגט אָרויס איר נאָמען מיט ווירדע און מענטשן פאַרשטייען, אַז אויב דער שרייבער באָריס רעכנט זיך מיט אסתר׳ן, מוז זי עפּעס פאַרמאָגן אַ חוץ איר פרויענשאַפט. ווייל עס זיינען דאָך פאַראַן אינגערע פון אסתר׳ן וואָס וואָלטן זיך געשעצט גליק־לעך צו זיין אין באָריס׳ס געזעלשאַפט.

מחמת אסתר שוויגט, געווינט זי צייט צו טראַכטן. זי ווייסט, אַז דאָרטן וועלן זיין פּראָמינענטע געסט. איר קליידונג נעמט זי ניט ערנסט. תמיד טראָגט זי אַ שוואַרץ קלייד מיט אַ הויכן קעלנערל. אירע האָר זיינען נאָך אַלץ קורץ געשאָרן, איר פּנים האָט אין זיך יוגנטלעכן רייץ. אינערלעך אָבער, פילט אסתר אַז איר יוגנט איז באַגראָבן געוואָרן אין דער אַלטער היים.

דאָ וויל זי זיין אַ מאַמע און קען ניט; זי וויל זיין אַ ווייב צו איר מאַן און קען ניט. זי וויל זיין אַ באַלעבאָסטע אין איר היים — און אויך דאָס איז איר שווער. צו וואָס־זשע לעבט זי?

אסתר שמייכלט אַציגד ווען זיי קומען אַריין אין דער רייך־באַלויכ־טענער שטוב. די באַלעבאָסטע גיט זיך אַ קרים ווען זי באַגריסט אסתר׳ן. זי נעמט באָריסן אונטערן אָרעם און פירט אים עלעגאַנט אַריין אין זאַל און באַקענט אים מיט די געסט וואָס ער קען ניט. ער באַגריסט די וואָס ער קען יאָ. אסתר׳ן שטעלט זי ניט פאָר. זי ווייסט אפשר ניט אַז זי איז געקומען מיט באָריסן. איז צו וואָס דאָ זיין? ס׳באַווייזן זיך טרערן אין אסתר׳ס אויגן.

באָריס האָט איר גאָרניט געזאָגט אַז דאָ וועט מען גיין אין "פול־דרעס". פרויען מיט לאַנגע, שיינע קליידער. מענער מיט פראַקן. אַלע אַק־טיאָרן, אַקטריסעס, דראַמאַטורגן, פּאָעטן.

ווי קומט אסתר אַהער?

אָבער באַלד גיט זי אַ שמייכל און דערקענט זיך אין שפּיגל. זי פאַר־

געסט אַז זי איז דאָ געקומען מיט אַ פריינט. אירע אויגן זוכן אַ ווינקל וואו צו קענען זיצן און אבזערווירן די מענטשן וואָס דענקען פון זיך אַזוי פיל.

זי זעצט זיך אַריין אין אַ ווייכער שטול. פון ווייטנס זעט זי באָריסן. ער שמייכלט צו איר אַ פאַרשולדיקטער. זי ענטפערט אים צוריק ליבלעך. אַצינד איז איר ווידער גוט. וואו האָט זי עס געלייענט דעם אויסדרוק אַז: ״דו זאָלסט אַלעמען קענען און דיך זאָל קיינער ניט זען״. זעט טאַקע אַצינד אסתר אַלעמען, זייער פרייד און באַגייסטערונג, זייערע אייפערזיכטיקע בליקן אָנגעפילט מיט קנאה, דאָס קען נאָר זען דער וואָס אבזערווירט.

פלוצלונג איז צו איר צוגעקומען איינער פון די געסט. ער פאַרנייגט זיך פאַר איר און שטעלט זיך פאָר. ער זאָגט זיין נאָמען וואָס זי האָט געלייענט אין דער פרעסע. ער פרעגט אסתר׳ן פאַרוואָס אַזאַ רייצנדיקע דאַמע זיצט אַליין. די רייצנדיקע דאַמע מאַכט דעם אָנשטעל אַז זי איז מיד און וויל זיך אָפרוען. אָבער דער העפלעכער קאַוואַליער לאָזט זי ניט זיצן. ער פרעגט איר אַפילו ניט מיט וועמען זי איז געקומען, אים איז גענוג וואָס ער האָט דעם אוצר געפונען. איז וואָס זיצט איר, האַרציקע  וואָס איז אַייער נאָמען?

אסתר זאָגט אים פאַרשעמט איר נאָמען. גלאָצט ער אויס די אויגן און גיט זי אַ נעם פון איר פלאַץ, האַלט זי אַרומגענומען און הייבט איר אָן אַרומפירן איבערן ליכטיקן זאַל, שטעלט זי פאָר ווי די ״מאָדערנע אסתר המלכה״. אַ אסתר המלכה אָן אַ קעניג, דערפאַר איז זי די קעניגין אַצינד פון זיין האַרצן. עס ווערט פריילעך. אסתר ווערט דער מיטלפונקט פון דער געזעלשאַפט. אַפילו די מאַדאַם וואָלף נעמט זי צערטלעך אַרום און פרעגט איר מיט וועמען זי איז געקומען. מיט וועמען?

אסתר איז שפילעוודיק און ענטפערט: ״אין אַייער הויז קומען דאָך בלויז געלאַדענע מענטשן, טאָ טרעפט מיט וועמען? אָדער ווער פון אַייערע געלאַדענע געסט האָבן מיר געבראַכט?״

מאַדאַם וואָלף ווערט רויט און פאַרענטפערט זיך: ״ענטשולדיקט, טייערע, איך גלויב אַז איר זייט געקומען מיט סינגערן, באָריס סינגער, יאָ?״

אסתר שאָקלט מיטן קאָפ אויף יאָ. באָריס זעט פון ווייטנס ווי זי רעדט מיט פרוי וואָלף, קומט ער צו. דעם גאַנצן אָוונט איז באָריס איצט צום ערשטן מאָל צוגעקומען. ער פאַרנייגט זיך זייער עלעגאַנט און פרעגט איר ווי זי פילט זיך. אסתר שמייכלט. זי דאַנקט אים פאַר בריינגען זיי אַהער אום צו באַקענען זיך מיט די מענטשן.

פרוי וואָלף מוסר'ט באַריסן פאַרוואָס ער האָט פאַרשוויגן זיין דאַמע ווען ער האָט זי געבראַכט. באַריס איז ממש אַ פאַרווירטער. ער ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ער איז אַצינד אַ סך שולדיק, אָבער לאַנג קיין בעל־חוב לאָזט מען קיינעם ניט בלייבן. דער אָוונט הייבט זיך ערשט אָן.

דער דראַמאַטורג וועט לייענען זיין נייע דראַמע. דער גרעסטער שוישפילער און רעזשיסאָר איז געקומען צום יום־טוב און איבער די דראַמע וועט אים געפעלן ,וועט זי געשפילט ווערן אין זיין טעאַטער.

דער דראַמאַטורג, אַ קליין געוויקסיקער אַלטער מאַן, ווערט געפירט איבערן זאַל מיט פאַראַד. ביזן לייענען האָבן אַלע געטרונקען און זיך גע־לאָזט וואוילגיין. איצט לייענט מען און נאָכן לייענען קומט ווידער עסן און טרינקען און הוליען ביזן ווייסן טאָג. אַזוי מעלדעט דער טאָסטמאַסטער וואָס האָט אַנטדעקט אסתרן. ער פירט אַצינד זיין אַנטדעקונג אונטערן האַנט און סוד'ט איר אין אויער אַז ער וויל איר נעמען אַהיים. אסתר ענט־פערט ניט. זי שווייגט. אירע ברוינע אויגן שמייכלען רואיק. איז איר טאַקע איצט אַזוי גוט? יאָ, זי פילט זיך, אסתר, זייער געמיטלעך. האָט זי נאָך דער געזעלשאַפט געבענקט? יאָ? ווערט איר האַרץ אַנגעפילט מיט פיין.

דאָס איז געווען איר שטענדיקער חלום. זיין צווישן מענטשן וואָס זיינען איר בשמחה, און ווען זעט זי דאָ?

"שאַ—זאָגט אסתר צו זיך שטילערהייט—איצט הער וואָס מען ליי־ענט."

סצענע נאָך סצענע ווערט אַרויסגעבראַכט פון דראַמאַטורג. יעדע סצענע מאַכט אַ רושם. די שוישפילער זיינען פאַרטיפט און טראַכטן מן הסתם וועלכע ראָלן זיי וואָלטן געוואָלט שפילן.

דער דירעקטאָר, אַ זעלטן שיינער מאַן מיט אַ באַסאָווער שטימע, האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שטעל אויף, געמאַכט אַ צייכן אַז ער וויל עפּעס זאָגן. אַלע אויגן האָבן זיך צו אים אַ ווענד געטאָן און ער האָט גע־רעדט געציילטע ווערטער:

"פאַר הייבט איז געבויט. איך האָב דעם באַגריף. די פּיעסע געפעלט מיר זייער. איך מוז זי אַליין לייענען".

דער דראַמאַטורג האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף. שנעל פאַר־מאַכט דעם מאַנוסקריפּט. געענטפערט הכנעהדיק אַז דאָס ווערק געטרויעט ער ניט קיינעם, אָבער מ'וועט שוין געפינען אַ וועג.

אַלע אויגן האָבן אויפגעלויכטן ווען דאָס לייענען איז געווען צום סוף און די באַלעבאָסטע האָט געלאַדן צום טיש.

נאָכן עסן זיינען די געסט ווידער געווען אין גוטער שטימונג. די שוישפּילער האָבן געוויילט די שוישפּילעריִנס. עס איז געווען אַ געהויבע־נער מאָמענט פאַר אסתר׳ן. זי האָט אַלעמען געזען אונטער די קוליסן. אי־בערהויפּט איז אסתר געוואָרן פאַרכאַפּט פון צוויי אַקטריסעס, קינסטלעריִנס. איינע האָט פאַרגעשטעלט ווי אַ פרוי רעדט אין טעלעפאָן. איר מימיק און שפּראַך איז געווען צום באַוואונדערן. די צווייטע, ווען זי קומט צוגאַסט.

סיי די גאָר גרויסע שוישפּילער און סיי די מיטלמעסיקע האָבן עפּעס געדאַרפט זאָגן. שרייבער האָבן דערציילט זייערע איבערלעבונגען.

צום סוף איז שטאַרק געלויבט געוואָרן פרוי וואָלף. איר מאַן, הער וואָלף, איז געווען די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט אַ יונגער שוישפּילערין וואָס איר נאָמען איז געווען באַקאַנט איבערן לאַנד. איר מאַן, אַ גרויסער קינסטלער, האָט אַצינד גערעדט מיט אסתר׳ן, געפרעגט זי שטיל וואו מען קען זי טרעפן.

מיטאַמאָל איז אויסגעוואַקסן דער לץ (ווי אסתר האָט אים גערופן), און ער וויל וויסן צי זי וויל מיט אים נאָך פאָרן אין אַ קאַפע, ווייל אַלע פאָרן איצט פאַרענדיקן דעם יום־טוב אין גרינוויטש ווילעדזש.

באָריס האָט דערזען אסתר׳ן אַרומגערינגלט פון מענטשן וואָס זיינען אים אָפּט געווען דערווידער. מיט איין קוק אויף דעם געזעמל, האָבן זיינע אויגן זיך אָנגעטראָפן מיט זייערע. ער האָט צו זיי ניט גערעדט, בלויז זיך געווענדעט צו אסתר׳ן, איר געפרעגט ווי אַזוי זי האָט זיך געוויילט, געקוקט אויף איר מידן אויסזען. אים האָט באַנג געטאָן אַצינד פאַר זיין זיין דאָ און פאַר בריינגען זי אַהער.

אין דעם טומל פון געזעגענען זיך, האָט באָריס גענומען זיין מאַנטל, געהאָלפן אסתר׳ן זיך אָנטאָן איר מאַנטל און ביידע האָבן אָן אַ וואָרט פאַרלאָזן די הויז וואָס איז אסתר׳ן שוין תמיד פאַרבליבן אין זכרון.

שפּאַצירנדיק אויף דער שטילער גאַס און ווערנדיק געפירט פון באָ־ריסן אונטערן אָרעם, פעסט צוגעטוליעט צו זיין זייט, איז איר פּלוצלונג אויפגעקומען אַ געדאַנק — איז זי היינט געווען גליקלעך?

זי האָט געוואָלט האָבן אַ מענטשן וואָס זאָל זי אַרויסנעמען און פירן ביי אַ האַנט. גיין מיט אים. איז דען באָריס דער מענטש?

באָריס האָט געפירט אסתר׳ן און זיצנדיק אין דעם אונטערערדישן באַן זי שטיל געפרעגט: ״אסתר, ווילסט מיטגיין מיט מיר?״

אסתר האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, דערזען באָריסן, אים דערקענט.

אסתר האָט אַריינגעקוקט טיף אין זיינע אויגן, געדאַנקט פאַרן וואונדערלעכן אָוונט, און געזאָגט — ניין, איך בין מיד, איך פאָר אַהיים.

די סטאַנציע האָט געוויזן אַז אסתר דאַרף בייטן די באַן.

באָריס האָט איר געוואָלט נעמען אַהיים, אָבער אסתר האָט ניט געוואָלט. עס איז צו שפּעט, וועט זי נעמען אַ טעקסי ביים סטיישן. זאָל ער זיך ניט זאָרגן, מאָרגן וועט זי אים אָנקלינגען.

און אַ צופרידענע, דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אַ רואיקע, האָט אסתר פּאַמעלעך די טיר אויפגעשלאָסן. שוין געגרייט דער פאַרטאָג, ווען אסתר האָט זיך אין איר בעט אַריינגעלייגט און געשמאַק איינגעשלאָפן.

## .12

# דערוואַכונג

אסתר׳ס וויזיט ביי די מעצענאָטן האָט זי אויסגעניכטערט. זי האָט דערזען איר שפּליטיקייט. אסתר וויל ניט זיין שפּל. אסתר׳ס פאַרלאַנג איז געווען צו דערקענען דעם מענטשן און אים פאַרגעטערן. אָבער ביי די וואָלפּס קיין געטער ניט געפונען.

צו באָריסן האָט אסתר פאַרלאָרן איר אינטערעס. ניין, ניט ער וועט זי באַרואיקן. איז וואוזשע וועל איך געפינען רו? פרעגט זי זיך. ווי לאַנג קען אַ מענטש אַזוי אַרומוואַנדערן און זוכן? און אין אָוונט, ווען זי האָט זיך געטראָפן מיט באָריסן, איז זי געווען זייער טרויעריק. באָריס, דאַגעגן, וועלכער איז געווען אין גוטן מוט, האָט גערעדט און דערציילט אסתר׳ן זייער שיינע מעשהלעך, איר געזאָגט, אַז זי האָט נעכטן אָוונט שטאַרק אויסגענומען. באָריס האָט אסתר׳ן געוואָלט אויפמונטערן, אָבער זי האָט געשוויגן, זי האָט געענטפערט בלויז איין וואָרט איבער צען.

באָריס פרעגט איר די אורזאַך פון איר שווייגן. טרערן קומען איר

אין די אויגן. זי קוקט אויף אים, זיין פריינטשאַפט איז האָניק, גיט זי אַ שמייכל און פרעגט אים שטיל: „באָריס, וואָס וועט פון מיר ווערן? ביז וואַנען וועל איך אין לעבן קיין אָרט זיך ניט געפינען? מיין נעכטיקער גיין צו די וואָלפס איז געווען נאַריש".

באָריס האָט אַ שמייכל געטאָן און אַריינגעקוקט אסתר'ן אין די אויגן און זי געפרעגט מיט אַן ערנסטער שטימע — און דו, אסתר, ביזט זיכער אַז דו ווייסט וואָס דו ווילסט? דענקסטו ניט אויף אַ מאָמענט אַז דו האָסט אַביסעלע צו פיל פון אַלעס מיט וואָס די נאַטור באַשענקט דעם מענטשן? וואָס ווילסטו? געדענקסטו אין דער אַלטער היים, נאָך אין סאָוועטנפאַר־באַנד? ווער האָט ניט געהאַט קיין באַגעגעניש אָדער איבערלעבונג? יעדער פון אונדז ליידט, אָבער קיין טראַגעדיע דאַרף מען דערפון ניט מאַכן. דו, אסתר, ליידסט מחמת דו האָסט אַן איבערפלוס פון ענערגיע. דאָס לעבן האָט דיך ניט געקריוודעט, נאָר דיר צופיל געגעבן, און דיר איז עס שווער צו דערטראָגן. דאָס איז דיין קראַנקייט און מאַכסט אויך דעריבער שווער די מענטשן וואָס קומען מיט דיר אין קאָנטאַקט. דו גריבלסט זיך תמיד, טראַכסט צופיל פון זיך און פון דיין לעבן. ווען דו וועסט עס ניט נעמען אַזוי ערנסט, וועסטו קענען לעבן און אויך לאָזן דיינע מיטמענטשן צופרידן. איצט, נאָך דער מלחמה, ווען אַ וועלט איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט, זיצטו און טראַכסט פון זיך און דיינע ליידן? ניין, אסתר, דאָס איז ניט ריכטיק, מענטשן וואַלגערן זיך אויף אַלע וועגן, היימלאָזע קינדערלעך האָבן ניט וואו זייערע קעפּעלעך צו לייגן, זייערע עלטערן האָבן די היט־לערס אין די גאַז־קאַמערן פאַרברענט, אונדזער אידיש פאָלק האָט ניט קיין היים, אין ערגעץ לאָזט מען זיי ניט אַריין, פון קינדערשע קערפּערלעך האָט מען געמאַכט זייף, אונדזער אידישער צער איז שרעקלעך און דו טראַכסט בלויז פון זיך, אַז דיר איז אומעטיק. און וועמען איז דען פריי־לעך, קינד? דו האָסט אַ היים, ביזט געזונט און שטאַרק, וואָס נאָך ווילסטו?

אסתר האָט געשוויגן. זיך געשעמט צו זאָגן, אַז דאָס וואָס זי האָט תמיד געוואָלט האָבן, האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט.

באָריס האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי שווייגט. אסתר האָט געענט־פערט באָריסן, אַז זי האָט אים פאַרשטאַנען און וועט פּרובירן אים פאָלגן. „די בעסטע זאַך וואָלט פאַר איר געווען—האָט אסתר צוגעגעבן—צו פאָרן צו איר טאָכטער".

באָריס האַלט אסתר'ס האַנט אין זיינער און זאָגט צו איר: „דו

זעסט, אסתר, אַפילו אַצינד טראַכסטו ווידער פון זיך, האָסט שוין אַ פּלאַן פאַרן צו דער טאָכטער. ניין, טייערע, פון דיר וועט קיין אַנדערע ניט ווערן. דו ביזט בטבע אַ גרויסער עגאָאיסט. דיין איך קען דיך אַליין אומברייננגען. דו ווילסט גיין, דו ווילסט פאָרן, דו ווילסט... און וואָס עס ווילן דיינע מיט־מענטשן האָסטו אַמאָל געטראַכט? אויב דו האָסט אַמאָל געטראַכט, ווען דו האָסט באַשלאָסן צו בלייבן מיט דיינע קינדער, איז עס אויך געווען דו. אין גאַנצעס ווילן, וואו נעמט מען אַזוי פיל כח פאַרן דאַזיקן גרויסן איך.

אסתר, איך בין מיד. מיין קאָפּ איז איצט פאַרנומען מיט די וועלט־פּראָבלעמען. איך טראַכט ניט פון זיך. מיין איך איז מיר נמאס געוואָרן, אויב ער קאָן ניט ברייננגען די נוצן וואָס די וועלט פאָדערט פון מיר. איך בין שולדיק מיין לעבן צו דער וועלט, ניט צו זיך, דעריבער, אסתר, געדענק מיינע ווערטער: דו גייסט אַצינד דעם לעצטן וועג, דו ביזט מער ניט קיין קינד, דו האָסט שוין אייניקלעך און קיינער קאָן דיך ניט פירן פאַרן האַנט. גיי אויף דיינע אייגענע פיס און געדענק מיינע ווערטער . . .

אסתר האָט גאָרניט געענטפערט. זי האָט באַטראַכט יעדע קלייניקייט ביי באָריסן אין צימער, געהאַט אַ געפיל אַז זי איז דאָ דאָס לעצטע מאָל, באַטראַכט זי יעדע זאַך און וויל עס געדענקען, זאָפּט זי אין זיך אַריין יע־דע קלייניקייט. דאָס צימער איז איר פאַר אַ לאַנגער צייט געווען אייגן און ליב. באָריס וועקט איר אויף פון אירע געדאַנקען—מירן גיין—זאָגט ער צערטלעך, זי שאָקלט מיטן קאָפּ — יאָ, מירן גיין.

באָריס האָט אסתר׳ן איר מאַנטל אָנגעטאָן, זי צו זיך צוגעדריקט, איר אַ האַרציקן קוש געגעבן אוןביידע האָבן פאַרלאָזט דאָס צימער.

אין דרויסן האָט זיי אַ ליכטיקע שיינע נאַכט באַגעגנט. ביידע האָבן זיך פאַר די הענט געהאַלטן. באָריס פירט אסתר׳ן אַריבער די גאַס. זיי גיי־ען אַריין אין זייער באַליבטן רעסטאָראַן און באַשטעלן לייכטע מאכלים.

זי קוקט אויף זיין קרעפטיק געשטאַלט. איר דוכט זיך אַז ער איז דער איינציקער מענטש אין איר לעבן וואָס האָט גערעדט אַזוי צו איר, ווייל ער האָט זי ערלעך ליב. און זי אים?

אסתר האָט זיך צעשמייכלט און געגעבן אַ זאָג:—באָריס, גלויבסטו אַז אַצינד טראַכט איך פון דיר, ניט פון מיר? און פון היינט אָן וועל איך פאָרט פּרובירן ווערן בעסער, דו וועסט זען ,באָריס.״

ביידע האָבן דעם אָוונט גוט פאַרבראַכט און ווען באָריס האָט אסתר׳ן צוגעפירט צו איר היים, האָט ער איר געזאָגט: ״אסתר, די קומענדיקע וואָך

פאַרלאָז איך ניו־יאָרק. איך פאָר אַרויס איבערן לאַנד, מען שיקט מיך פון מיין אָרגאַניזאַציע. ווען איך וועל זיין צוריק, ווייס איך ניט, און שרייבן וועל איך אויך ניט, אָבער מאָרגן זאָלסטו מיך רופן, איך וועל אויף דיר וואַרטן. עס איז זייער מעגלעך אַז איך וועל אויך פאָרן קיין איי־ראָפּע."

אסתר איז געווען פאַרוואונדערט פאַרוואָס איר אַרט ניט, זי גיט ניט קיין צאַפּל. זאָל ער פאָרן געזונט, און זי זאָגט אים מיטן גאַנצן האַרצן: "פאָר געזונט, באָריס, געדענק מיך צום גוטן, ווייל דיך געדענק איך מיט אַלע מיינע חושים. דו ביזט געווען גוט צו מיר, גוט און גרויס, זיי געבענטשט.

## .14

די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט. אין אַ סך היימען זיינען די וואונדן געווען אָפענע.ס'זיינען אויך געווען פרידלעכע היימען וואָס האָבן זייערע קינ־דער צוריקגעקראָגן גאַנצע און זיינען מיט זייערע יונגע כחות צוריק אַריינ־געפאַלן אינם שטורם פון לעבן. געווען געגנוג אינוואַלידן וואָס האָבן שוין צו גאָרניט געטויגט און זיינען געבליבן אין שפּיטאַלן און ביי זייערע באַ־ענטסטע איז געווען אַ מין אָפּקומעניש זיי גיין באַזוכן, ווייל דער דאָזיקער באַזוך האָט צעשטערט זייער לעבן אויף וואָכן.

אָבער דער קאָשמאַר פון מלחמה איז פאַראיבער און עס האָט זיך אָנגעהויבן די הילפס־אַרבעט פאַר די מלחמה געליטענע.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן אַז היטלער'ס רציחות וועלן אַזוי באַרבאַריש פאַרניכטן 6 מיליאָן אידן. אַחוץ אַלעם זיינען אַלע דאָ אין אַמעריקע געווען מיט דער מיינונג, אפשר האָבן זיך די מייניקע געראַ־טעוועט?

ניין, נאָך דער וויסטער מלחמה איז ערשט געוואָרן וויסט אויף דער נשמה. ידיעות פון דער וואַרשעווער געטאָ, פאַרניכטונג פון די לאַגערן. טרעבלינקע איז ווי אַ לעגענדע געוואָרן אויף די ליפּן. שפּעטער זיינען געקומען נאָך ידיעות, וועלכע האָבן דערשיטערט און אויפגעע־בראַכט. איז עס מעגלעך זיי וואַרפן ווי קרויט מענטשן אין "באַבי־יאַר", הייסן יונגע און עלטערע זיך ענטבלויזן נאַקעט אום איבערצולאָזן פאַר די רויבער די מלבושים און זיי זאָלן זיך וואַרפן אין "באַבי־יאַר..." נאָכ־

ריכטן זיינען אָנגעקומען אַז אידן זיינען געגאַנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ על־קדוש־השם. ווער קען דען איבערגעבן דעם צער און צאָרן וואָס אונדזע־רע קדושים האָבן יענע מינוטן איבערגעלעבט? ביי אונדז איז עס אַ פאַר־שטעלונגס קראַפט, ווייל די דאָזיקע מענטשן וואָס זיינען ווי דורך אַ נס לעבנגעבליבן, קענען קוים געדענקען ווי אַזוי זיי זיינען געבליבן לעבן, כדי צו דערציילן די איבערמענטשלעכע ליידן וואָס אונדזערע ליבסטע האָבן פאַר זייער טויט איבערגעלעבט.

ידיעות האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין אַמעריקע: עס איז פון יעדער משפחה געבליבן אַ זכר, און אויך פון אסתר׳ס משפחה איז געבליבן אַ זכר. איר שוועסטער׳ס אַ זון וועלכער איז געווען אין דער רויטער אַרמיי, האָט געשריבן צו זיין מומען, אַז אַלע פון דער פאַמיליע זיינען אין ״באַבי־יאַר״ אומגעקומען, אויסגערעכנט ביי די נעמען און צוגעשריבן: ״מומע, טייערע, אַמאָל האָט מען געבעטן הילף, אַציגד האָסטו שוין ניט וועמען צו העלפן. איך דאַרף ניט קיין הילף. איך האָב דיר בלויז געוואָלט, אויף דיין פאַרלאַנג לאָזן וויסן, אַז דער גזלן היטלער האָט דערגרייכט זיין ציל און אויסגעשאָכטן און פאַרניכטעט טויזנטער אידן און צווישן יענע טויזנטער געפאַלענע געפינט זיך מיין אַלטע מוטער, דיין שוועסטער, אויך דער פעטער, די מומע, זייערע קינדער. איך בין געבליבן לעבן. געווען בין איך אין אַלע פייערן, אָבער געבליבן גאַנץ. מיין פרוי און מיינע קינדער זיינען גאָט צו דאַנקען געבליבן לעבן. איך פאַרנעם אַ פיינעם פּאָסטן ביי דער רעגירונג. דיין הילף דאַרף איך ניט. אויב דו ווילסט העלפן, העלף דעם כלל.״

ביי די דאָזיקע שורות האָט אסתר ביטער געוויינט. דאָס איז געווען איר עלטסטער שוועסטער׳ס זון און איצט איז געבליבן בלויז אַ זכר פון איר אַפשטאַם. קיינער האָט זי ניט געטרייסט, ווייל ווער זאָל זי געווען טרייסטן? מ׳מוז זיך אַליין נעמען אין די הענט...

און ווען לייבל, אסתר׳ס מאַן, איז געקומען אַהיים און אסתר האָט אים דעם בריוו געגעבן לייענען, האָט לייבל מיט צער אין זיין שטימע געטרייסט זיין ווייב, אַז מיט טרערן איז נאָך קיינער ניט געוואָרן געהאָלפן, מ׳מוז ממשותדיק עפּעס טאָן פאַר די וואָס נויטיקן זיך אין אונדזער הילף.

—אסתר, אַציגד קאָנסטו עפּעס טאָן. אונדזערע קינדער זיינען אויף אַ באַשטאַנד. טראַכט פון די קינדערלעך וואָס האָבן ניט קיין היים. העלף און גאָט וועט אונדז העלפן.

מיט פאַרטראַכטע אויגן האָט אסתר געקוקט אויף איר מאַן. איז דאָס לייבל? זי קען זיך ניט גלויבן אירע אויערן אַז זי האָט ערשט געהערט אַזעלכע קלוגע האַרציקע ווערטער. פאַרוואָס האָט זי מיט אים קיינמאָל ניט גערעדט? אָבער, עס איז נאָך אַלץ ניט שפּעט. זי וועט נאָך גוטמאַכן וואָס זי וואָלט געקאָנט אַזוי לייכט פאַרלירן. און מיט געטריישאַפט אין איר שטי־מע געזאָגט צום מאַן: "לייבל, דו ביזט גערעכט, דו ביזט מיר תמיד געווען מער ווי אַ מאַן, דו ביזט מיין מאַמע, מיין טאַטע און אַפילו געטרייער פון אונדזערע קינדער. איך וועל דיר פאָלגן. איך וועל צוריק ווערן ווי איך בין געווען אַמאָל. מער פון זיך וועל איך ניט טראַכטן. עס איז דאָ גענוג וואָס צו טאָן. דו וועסט זען מיין מאַן.

לייבל האָט געשמייכלט וואָס אסתר האָט אים פּאָרט דערפילט. מען מוז האָבן אויסדויער. און, אַז עס איז דאָ אמתע ליבע, איז דעריבער דאָ געדולד צו וואַרטן, און לייבל פילט אַז ער האָט זיך דערוואַרט.

אסתר'ן קען לייבל. ער ווייסט אַז מיט מוסר וועט ער זי ניט וועקן און ברייגנען צו זיך, אָבער מיט זיין שווייגן, האָט ער זי יאָ געבראַכט אויף איר באַשטאַנד.

דעם אָוונט האָבן מאַן און ווייב גערעדט פאַרטרוילעך און מיט טרערן באַדויערט וואָס איר פאַמיליע איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען. איז פאַרוואָס, לייבל, קומט עס מיר? בין איך דען געווען בעסער פון מיין שוועסטער?

—קינד, מיר דאַרפן בעמען די וועלט ווי זי פירט זיך און דאַרפן העלפן די וואָס נויטיקן זיך. נעם זיך צו דערדאָזיקער אַרבעט און דערמיט אפשר וועלן מיר די אַלע צרות ניט דאַרפן דורכגיין.

קיינער איז צו זיי דעם אָוונט ניט געקומען און אויך איז דער טע־לעפאָן געווען רואיק.

שטיל האָט אסתר געמאַכט טיי. דאָ הוזשעט ביט דער סאַמאָוואַר, און וויפיל יאָר איז שוין דאָ אין דעם פון יענער צייט פון איר פאַרגאַנגענהייט?

ביידע זיצן זיי ביים טיש, טרינקען שטיל זייער טיי און נאָך שטילער האָט זיך אסתר פון איר זיץ פלאַץ אויפגעשטעלט, אַריינגעלאָפן אין שלאָף־צימער מיט שלוכצען און שטילן יאָמער איינגעשלאָפן.

## 15.

עס זיינען פאַראַן מענטשן אויף וועמען די צייט לאָזט ניט איבער קיין שום שטעמפּל, זיי זיינען ווי פייגעלעך וואָס פליען אונטער די וואָלקנס און קוקן אַרונטער אויף דער ערד.

אסתר האָט איבערגעלעבט צוויי וועלט מלחמות. זי האָט אין דער צייט פיל געליטן, געבענקט נאָך אירע קינדער, זיי קוים דערלעבט צו זען. דעמאָלט האָט זי זיך אָפּגעגעבן דעם רויטן קרייץ, געגעבן איר בלוט. אַלץ האָט זי געטאָן אויטאָמאַטיש, די צייט האָט עס פון איר געפאָדערט.

אַזוי שנעל אָבער ווי די מלחמה איז געווען צום סוף, איר לעבן האָט זיך צוריק איינגעאָרדנט, איר פאַמיליע איז געבליבן גאַנץ—האָט זי ווי־דער די איינזאַמקייט פאַרצוקט. געווען מינוטן ווען דאָס לעבן האָט ביי איר קיין שום ווערט ניט געהאַט. זי האָט געלייענט אַ סך. איבערהויפּט איז ביי איר פאַרבליבן לעבעדיק אין זכרון די צוויי גרויסע ווערק פון די באַרימטע קלאַסיקער גוסטאַוו פלאָבער׳ס ״מאַדאַם באָווערי״ און גראַף לעאָ טאָלסטאָי׳ס ״אַננאַ קאַרענינאַ״. אין ביידע ראָמאַנען האָט אסתר זיך דערקענט און איינ־מאָל געוואָלט נאָכטאָן ביידע, אָבער ניט מיט דעם זעלבן טויט.

אסתר האָט ליב געהאַט דאָס וואַסער. אין אירע פרייע שטונדן פלעגט זי קומען צום ים אין קוני־איילענד שווימען און טראַכטן אַז דער בעסטער און גרינגסטער טויט איז וואַסער...

און איינמאָל, ליגנדיק אויפן ים־פּלאַך, קוקנדיק אין בלויען, זוניקן הימל, האַלטנדיק זיך שטייף אויפן רוקן, האָט זי פאַרלוירן דעם קאָנטראָל און פאַמעלעך גענומען זינקען אין טיפן ים. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן, דער לעצטער שמייכל. זי איז געווען זיכער אַז דאָס איז דער טויט און עס איז ניט שלעכט אַזוי צו שטאַרבן.

אויפגעכאַפּט האָט זי זיך אויפן ברעג פון ים וואו אַ סך מענטשן זיי־נען געשטאַנען און צוויי שטאַרקע מענער האָבן זי געטרייסלט כדי דאָס וואַסער זאָל פון איר אַרויס. נאָך דעם האָט זיך אסתר געפונען אין שפּיטאָל. מען האָט געלאָזט וויסן איר מאַן און די קינדער. זיי זיינען געקומען צע־לויפן, איר אויסגעפרעגט ווי אַזוי עס איז געשען. קיינעם איז ניט איינגע־פאַלן צו טראַכטן אַז אסתר׳ן איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן. אַלע האָבן אויבן־אויף געזען איר גליק. זי אַליין האָט עס אויך געזען און געטראַכט אַז זי איז קראַנק און קיינער ווייסט ניט אַז אירע ליידן פאַרצוקן זי. אירע

בענקשאַפטן זיינען געווען טיפער ווי דער ים. איז ביז וואַנען ליידן? ווען די קינדער זיינען געווען קליין, האָבן זיי זי באַדאַרפט. איצט זיינען זיי פאַרנומען מיט זייערע אייגענע פּראָבלעמען. דער איינציקער וואָס האָט זי אויפריכטיק געדאַרפט, איז געווען דער מאַן אירער לייבל.

לייבל איז פון אסתר'ס בעט ניט אָפּגעטראָטן, און ווען זי איז שוין געלעגן אין איר אייגענער בעט און אָנגעהויבן קומען צו די כחות, האָט זי לייבל געפרעגט: "אסתר, פאַר וואָס ביזטו אַזוי פאַרטיפט אין זיך אַליין? זעסט ניט דיין מאַן, די קינדער?"

אסתר האָט אים געדריקט די האַנט און געזאָגט: — "לייבל, מיר איז אַזוי אומעטיק!"

שמייכלט לייבל און זאָגט: "גאָר אומעטיק? פאַרוואָס איז מיר ניט אומעטיק? אפשר דיינגען פאַר דיר קלעזמער? באַדיר אומעטיק! אַ מענטש האָט אַלץ אויף דער וועלט און איר איז אומעטיק! דערזע מיך, אסתר, דערזע אונדזערע קינדער." דאָס זעלבע האָבן איר געזאָגט די קינדער.

אסתר האָט געבענקט נאָך באַריסן. שטונדן לאַנג האָט זי געטראַכט אַז ער איז פּלוצלונג געקומען נאָך אַזוי פיל יאָרן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון איר לעבן און זי געלאָזט אַ ברענענדיקע. פאַרוואָס, פרעגט זי זיך אַליין, פאַרוואָס איז ער געקומען און איצט איז איר אַזוי שווער צו לעבן...?

אסתר'ן קומט אויפן זינען איר שוועגערן שיינדל, פאַניע, סאָניע, איר יוגנט חברטע מרים וואָס וואוינט אין שיקאַגאָ—איז זיי דען גרינג?

אסתר וויל ווערן אַזוי פרום ווי איר פרומע מאַמע איז געווען. קיין שום טענות צו קיינעם ניט האָבן, נאָר פאַר אַלץ האָט איר מאַמע געזאָגט: "איך דאַנק דיר גאָט." איז פאַרוואָס ניט גיין אין מיין מאַמע'ס וועג?

— מאַמע — האָבן אירע ליפּן שטיל געמורמלט — מאַמע, העלף מיר.

ביטערע טרערן האָט אסתר פאַרגאָסן. זי האָט איר מאַן מיט די קינדער און אירע אייניקלעך ליידנשאַפטלעך געליבט. דער איינציקער פאַרלאַנג אירער איז געווען בלייבן ביי איר פאַמיליע, ווערן פרום. אסתר האָט געוואָלט באַכאַמאַל געבוירן ווערן און קאָנען רעדן מיט גאָט ווי מיט אַ לעבעדיקן מענטשן...

גאָט האָט ליב דעם בעל־תשובה—איך וועל פּרואוון — האָט אסתר צו זיך שטיל געזאָגט.

## .16

געבענטשט זאָלן זיין די טעג ווען אונדזערע פאַרלאָנגען ווערן פאַר־שוואונדן. די דאָזיקע טעג אָן פאַרלאַנגען, זיינען געגליכן צום שטילן פאַר־גייענדן זומער. אין די טעג וואַקסן רויזן אויף קברים. מיר דערמאָנען זיך אין אונדזערע ליבסטע און טייערסטע וואָס זיינען פון אונדז אַוועק. מיר דערפילן אַן אויפלייזונג אין אונדזערע גלידער. וואו זיינען אַהינגעקומען אונדזערע ליידנשאַפטן?

אסתר איז ענלעך געווען צום שפעטן זומער. ביי איר אין האַרצן האָט געבליט אַלדעס גוטע. זי האָט געפילט ווי די הייסע, פאַרגייענדיקע זון וואַרפן זוימען פון וואונדערלעכע שיינע בלומען אין איר האַרצן. זי האָט געפילט ווי נאָך אַ שווערן, הייסן זומער טאָג, ווען דער שטורעם ברייינגט דונערן און בליצן, רייסט אַרונטער דעכער און עס ווערן אויך אַרויסגעריסן פאַרפוילטע בוימער. עס ווערן פאַרניכטעט שיינע פלאַנצן, אָבער נאָכן שטורעם בלייבט אַלץ רואיק. אַזוי האָט אסתר געפילט און גע־בענטשט די טעג פון רו און פרידן.

אסתר האָט גענומען אויפזוכן פרויען וואָס ליידן ווי זי האָט אַמאָל געליטן. ווייט זוכן האָט זי זיי ניט געדאַרפט. אָבער איר ווילן זיי צו העלפן איז געווען שפעט. צו שפעט איז זי צו זיי געקומען. צעבראָכענע לעבנס אויף שריט און טריט. די מלחמה האָט איבערגעלאָזט טיפע וואונדן אין דער מאַמע'ס האַרץ. קיין גליק האָט אסתר אין ערגעץ ניט געפונען. דער מענטש קאָן דאָס לעבן ניט האַמעווען און אויך אַזוי קאָן ער זיין אומצו־פרידנקייט ניט צוימען. עס מוז קומען אַ צייט אויף אַלץ.

אסתר האָט זיך גענומען טאָן נויטיקע אַרבעטן. אַז אַ מענטש לעבט — איז געווען איר ווערטל — טאָר ער ניט זיצן און וואַרטן אויפן טויט. ער מוז זיין פּראָדוקטיוו, און אויב זיין יוגנט איז געווען אַ דורכפאַל, מוז ער פון זיין עלטער מאַכן אַ תכלית. אירע רייד האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג. עס האָבן זיך געפונען דאָ און דאָרט מענטשן וואָס האָבן אויף אסתר'ס חשבון חוזק געטריבן. איר האָט עס ווייניק געאַרט. די טעג פון בענטשונג זיינען איר טייער געווען. זיך ניט געקאָנט גלויבן אַז ערשט מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָט זי געפיבערט, געברענט, זיך געוואָרפן מיט מענטשן, פאַר־שוועכט די הייליקע געזעצן און אָן צווייפל ניט ווייניק שלעכטס באַגאַנגען. זיך ניט גערעכנט מיטן מאַן און קינדער, געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין,

מיט איר איינזאַמען לעבן, און איצט? נאָכאַמאָל, זאָלן זיין געבענטשט די טעג.

מיט פרייד האָט זיך אסתר אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף. די אויגן אויסגעריבן און דערזען איר פּובליקום. ניט געקוקט וואָס אירע צו־הערערינס זיינען געווען אַ געמיש פון מיטליאַריקע, עלטערע און גאָר אַלטע פרויען, האָט זי דאָך געפילט אַ דערהויבונג צו ריידן פאַר זיי. זי האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף אירע שוועסטער, אויף איר מאַמען און באָבען. אַלע זיינען זיי געווען פאַרליטענע, פאַרפּייניקטע נשמות. אסתר׳ס שמייכל, אירע האַרציקע רייד האָבן זיי אויפגעמונטערט און אַצינד האָט אסתר ערשט דערפילט דעם טעם פון לעבן. זי האָט גערעדט אויף מיטינגען פון אָרגאַ־ניזאַציעס, זיי אויפגעקלערט, פאַרגעלייענט, געגרינדעט לייען־קרייזן. אַלץ געטאָן מיט גרויסער ליבע.

יענע טעג זיינען פאַר איר געוואָרן אַ קוואַל פון פרייד. אסתר האָט שוין געוואוסט אַלע סודות פון לעבן. — נאַרישקייט — האָט געזאָגט קהלת. נאַריש און נישטיק איז דאָס יאָגעניש נאָך דעם גליק וואָס מיר לויפן נאָך דעם, נאָך אונדזערע פאַר יאָר וואָס מיר לעבן. זי פלעגט רויט ווערן פאַר בושה ווען זי האָט זיך אין אירע געדאַנקען פאַרטראָגן צו יענער צייט ווען אַ שוישפּילער אָדער אַ שרייבער איז געווען איר גאָט. ניין, יענע געטער האָבן זי באַליידיקט. זי פלעגט שטיין שטונדן לאַנג און וואַרטן אויפן ווינט וואָס פלעגט פאַרביי איר דורכלויפן און זי האָט אין זיי געזען אַזאַ נאַריש גליק.

דאָס זיינען דעמאָלט געווען אירע פאַרגעניגנס. נאַריש און נישטיק זיינען זיי אַצינד אין אירע אויגן. אסתר זעט אַז גליק באַשטייט ניט אין דעם וואָס מען איז אַליין גליקלעך. גליק קען מען אַפילו געפינען ווען דאָס לעבן גיט זיך ניט אין פּערזענלעך. וואו זיינען געווען אירע אויגן? פאַר־וואָס איז זי אַלע יאָרן געווען בלינד און ניט געזען די ליכט וואָס לייכט צו איר אַצינד?

אויף אירע פאַרזאַמלונגען האָט זי אויפגעוויזן ווי דער מענטש איז פאַרבלענדעט און זעט ניט דעם ריכטיקן וועג. מיר ווערן פאַרפירט פון אונדזערע נאַרישע פאַרלאַנגען, אויסגעטראַכטע קריוודעס. מיר דאַרפן העלפן די בויטליידנדע, זיי דאַרפן אונדז אַצינד...

אסתר האָט איצט גאָר אַנדערש אויסגעזען. זי איז געוואָרן רואיק אין אירע באַנעמונגען צו מענטשן, זיכער אין דעם וואָס זי רעדט. זי איז

שוין מער ניט געלאָפן, ניט געפלויגן. אסתר האָט געזען די וועלט מיט אָפענע אויגן און געוואָלט די דאָזיקע זעאונג צו אַנדערע ברענגען.

אָט אַזאַ אסתר זעען מיר ווען זי גרייט זיך צו איר אייניקל׳ס בר־מצוה. פרום האָט זיך אסתר געפרייט. טיף אין איר האַרצן זיינען געווען נאָך געגנוג ניט פאַרהיילטע וואונדן פון איר פאַרגאַנגענהייט. די דאָזיקע וואונדן האָבן אין איר איצט דערוואַכט צוליב איר יוגנט פריינדין מרים, וועלכע זי האָט שוין 30 יאָר ניט געזען און איצט איז זי ביי איר צו גאַסט. אסתר׳ן איז געווען מאָדנע מרימ׳ס קריוודעס. אין דעם שפּיגל האָט אסתר איצט ניט געוואָלט קוקן, אָבער מרים איז געווען אַ שפּיגל מיט פלעקן וואָס די צייט האָט אויף אים איבערגעלאָזט, גרויסע פלעקן וואָס גיבן אונדז צוריק אַלץ וואָס די צייט האָט אונדז געגעבן.

אסתר האָט מרימען געוואָלט פאַרהאַלטן פאַר דעם יום־טוב וואָס ווערט געפייערט צוליבן ערשטן אייניקל. מרים, אַ וועלטלעכער מענטש, אַ לערערן נאָך פון דער אַלטער היים, האָט אסתר׳ן ליב געהאַט, זיך דורכגעשריבן מיט אסתר׳ן אַלע יאָרן, אסתר׳ס בריוו זיינען מרימען געוואָרן טשיקאַווע, האָט זי זיך אָפּגעריסן ווי פון אַ קייט און איז געקומען זען איר פריינדין .

יאָ, מרים זעט אַז אסתר׳ן איז גוט. זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצעבריינגען פון זיך דאָס גוטע. זי רעדט מיט אסתר׳ן און ווייזט איר אָן ווי איר איז געלונגען, ווייל קיינער איז איר אין וועג ניט געשטאַנען. אָבער נעם מיך? זע מיין לעבן! אַ לעבן אָפּגעפינצטערט. די קינדער האָב איך אַליין אויפגעבראַכט, ווייל לעבן מיט יוספן האָב איך ניט געקענט. איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, זיך מיט אים צענויפגעגאַנגען. אין דרויסן האָב איך מיין לעבן געמאַכט גאַנץ, אָבער אין שטוב איז עס נאָך ערגער צעבראָכן. זיך אָפּגעוואוינט איינער פון צווייטן, איז צו וואָס טויג מיר אַזאַ לעבן? דו פריידיקסט גאַנצקייט, אַז אינם אייגענעם ווינקעלע קען מען געפינען זעליקע רואיקייט.

דו לערנסט זיך ניט צעגיין מיטן מאַן, זיך האַלטן נעבן פאָטער פון די קינדער. פאַרוואָס זאָלן מיר פרויען אָפּפינצטערן אונדזערע יאָרן אָן ליכט און אָן זון? די פרוי מוז קעמפן פאַר איר לעבן, ניט אונטערגעבן זיך דעם שיקזאַל. מיר איז געווען אַ שאַנדע צו וואוינען מיט מיין מאַן און לויפן זוכן געזעלשאַפט. איך האָב זיך געשעמט פאַר מיינע קינדער. מיין ניט אַז קינדער זעען ניט און ווייסן ניט. זיי קוקן מיט בטול און רחמנות

אויף די עלטערן וואָס לעבן אַזאַ לעבן. אויף אונדזערע קינדער שפּיגלען זיך אָפּ אונדזערע צאַנקערייען און זיי קומען אָפּ פאַר אונדזערע נאַריש־קייטן וואָס מיר שעמען זיך איבערצורייסן סאַמע אין אָנהייב. נאָך איידער עס זיינען געקומען די קינדער. אַלץ ווייסן מיר אינטעליגענטן, איבעראַל זיינען מיר געווען, אָבער וואָס האָבן מיר אונדזערע קינדער אויסגעלערנט? איך שעם זיך אסתר פאַר דיר, פאַר מיר און פאַר דער וועלט. אונדזער פּרייז איז זייער גרויס. איז וואָזשע איז דיין לאָגיק? דיר איז געגאַנגען גוט, האָט דיר דער צופאַל צוגעשפּילט. האָסט אַ גוטן, שטילן מאַן. ער האָט געליטן און געשוויגן, ביזטו נעבן אים געבליבן.

אסתר פרעגט מרימען שטיל: "פאַרוואָס ביזטו צוריקגעקומען צו דיין מאַן"?

ווי אַ ביס האָט מרימען געגעבן אסתר׳ס פראַגע. זי איז אויפגע־שפּרונגען פון איר אָרט, אַ שאָקל געגעבן מיט אירע וואונדערלעכע שיינע גרויע האָר. די רוסישע לערערן האָט אין איר דערוואַכט. נאָך אַצינד איז מרים שיין. אַ שטאָלצע, מיטליאָריקע פרוי. זי קען אסתר׳ן ניט פאַרשטיין, ווייל אסתר האָט איר לעבן געלעבט אַנדערש. מרים האָט ניט געקענט אַזוי לעבן. זי רעדט מיט וויטאָג. שטיל דערציילט מרים פון אירע לײַדן:

—געדענקסטו, אסתר, ווי יוסף האָט מיך געליבט? מיט אַ פריידיקן גלויבן זיינען מיר געקומען קיין אַמעריקע. זיין כלומרשטע ליבע האָט מיך רואינירט. ווען די קינדער זיינען געקומען, בין איך נאָך געווען יונג. איך האָב געדאַרפט אויפגעבן מיין אַמאָל. געדענקסטו מיין אַמאָל, אסתר? מיין מאַן האָט עס ניט געוואָלט געדענקען. איך האָב געוואָלט באַזוכן אַ לעקציע, אַ מיטינג, דאָס זעלבע ער. האָבן מיר זיך געביטן. איז צו וואָס דיר נאָכ־אַמאָל ווידערהאָלן די קריגערייען. נאַרישע קריגערייען, אָבער זיי האָבן געפירט צו דער צעשיידונג. די קינדער מיינע האָבן ליב זייער פאָטער און אונדז געוואָלט זען אויף דער עלטער צוזאַמען. פרעגסטו באַשיידן פאַר־וואָס איך בין געקומען צוריק.

—אסתר, ווען דו וואָלסט געווען און געזען ביי מיינע קינדערשע חתונות, ווי ער פלעגט קומען ווי אַ פרעמדער, דעמאָלט האָב איך געפילט אַז מיר זיינען ביידע פרעמדע מחותנים. מיר איז אויף אים געווען אַ רחמנות, זיין עלנד לעבן. איך האָב מיט קיין אַנדערן געזעצלעך ניט חתונה געהאַט, ער אויך ניט. די קינדער זיינען באַשטאַט, אייניקלעך זיינען דאָ. ער איז קראַנק, בין איך געקומען. איז דענקסטו אַז דאָס איז אַ גליק?

טרערן גיסן זיך פון מרים׳ס אויגן. מרים רעדט אַצינד פון אירע קינדער, פון די אייניקלעך.—ניין, ווי דו ווילסט, אסתר, מיר גיבן זיי זייער וויכטיק גליק. זעסטו, זיי פאַרשקלאַפּן מיך, דאָס יאָ. ווען דו זעסט ווי מיין טאָכטער לאָזט מיך ניט פאָרן קיין ניו־יאָרק. ווי, מאַמע, וועסטו פאָרן אין דיינע יאָרן? צו מיין טאָכטער בין איך שוין גאָר אַ זקנה. אָבער אַכטונג געבן אויף די אייניקלעך — בין איך נאָך ניט אַזוי אַלט. קאָכן, באַקן, וואַשן, ראַמען — אויף דעם זאָגט ניט קיינער פון מיין משפחה אַז איך בין אַלט. אָבער אַרויספאָרן, קומען שפּעטלעך אַהיים, גיין צו אַ לעקציע אָדער אַ מיטינג, וואָס באמת גיט עס מיר צו געזונט — זאָגט די טאָכטער: מאַמע, דו גייסט שוין ווידער?

—איך דערקען דיר ניט אסתר, סיידן דו שפּילסט דיין ראָלע אַזוי גוט, אַז מיר, די צוקוקער, גלויבן דיר און באַוואונדערן דיך. דעם אמת, מיין טייערע אסתר, מעגסטו זיין אַלט 80 יאָר, האָסטו אַ פריינט אין לעבן, ביזטו גליקלעך. אַ מענטש מוז האָבן מיט וועמען צו רעדן, מיט וועמען צו גיין צום טיש. האָסטו דאָס, איז עס גליק. אויב ניט, בענקסטו נאָך דעם דיין גאַנצן לעבן.

אסתר האָט אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אַרומגענומען מרימען, זי האַרציק צוגעדריקט צו זיך, איר אַ קוש געגעבן אין אירע קרוין־גרויע האָר און געזאָגט: ״מרים, מיר איז שווער אַ בלייבן צו וויזן ווי שיין די זון פאַרגייט, דאָס מוז מען זען. דו מוזט שלום מאַכן מיט דיין גורל. דיין גורל איז ווי מיינער, כאָטש ביי מיר זעסטו, שיינט דאָס לעבן אַנדערש, אפשר בעסער ווי דיינער, אָבער איך טראַכט שוין מער ניט פון זיך, אין דעם איז דאָ דערקענטעניש. אָבער דו, מרים, ביזט זייער קלוג צו געפינען דיין וועג. אויסצולערנען פילן אָדער זען אַנדערש, דאָס קען מען ניט. לאָמיך בעסער איבערגיין צוריק צו מיין ביטע אַז דו זאָלסט בלייבן נאָך אַ וואָך און ביייוואוינען מיין אייניקל׳ס בר־מצוה.״

מרים׳ס ענטפער איז געווען—ניין. איר איז געווען איבער דער טבע צו זען אסתר׳ן אין דעם צושטאַנד. מרים גלויבט ניט אין אַזאַ איבערבייט. ערשט געווען אַזוי פריי און שוין אַזוי פרום.

די צוויי וואָכן ביי אסתר׳ן האָבן מרימען שאָקירט. זי האָט איר מיטגענומען אויף מיטינגען און זי געהערט ריידן. איז דאָס די אסתר, די פלאַם־פייערדיקע בונדאָווקע? אויף באַריקאַדן איז זי געגאַנגען און איצט?

ניין, מרים וועט אַזוי קיינמאָל ניט זיין, און כדי ניט צו פאַרשוועכן

אסתר׳ס געפילן, ווייל זי בעסער פארן אהיים. אסתר האט מרימען פאר־שטאנען, זי געלאזט גיין איר וועג. ביידע זיינען געבליבן ביי זייערע אי־בערצייגונגען: אסתר מיטן טיפן גלויבן אין גאט׳ס וועגן, און מרים, א באַ־פרייטע, האט אפגעכאפט דעם אטעם.

און ווען אסתר מיט איר זון האבן מרימען געבראכט צום "דיפא" און זי האט זיך מיט זיי געזעגנט, אריין אין דער באן און זיך געזעצט אויף איר פלאץ, איז נאך אויף דער פלאטפארמע געשטאנען אסתר מיט איר זון. אסתר האט אויסגעזען מיט איר זון ווי א שוועסטער מיט א ברודער. אויף אסתר׳ס פנים האט גערוט די שכינה. מרים האט א טיפן זיפץ געגעבן און מיט פארבארגענער קנאה געטראכט פון איר פריינדין, אבער צו זיין אזוי ווי אסתר, מוז מען אזוי געבוירן ווערן.

עס איז ניט אמת אז אסתר האט זיך איבערגעבראכן, אלץ איז אין איר געווען. זי האט בלויז געהאט די געלעגנהייט ארויסברייגען פון זיך די געפילן און א צווייפל איז געקומען אין מרים׳ס הארצן. ווער ווייס ווי פיל פרויען ווערן צעטראטן וואס האבן די דאזיקע געלעגנהייט ניט גע־קענט דערגרייכן?

פאמעלעך רירט זיך דער צוג. געדאנקען קומען אין מרים׳ס קאפ. זי טראכט איבער נאכאמאל וואס זי האט מיט אסתר׳ן גערעדט. פאר די צוויי וואכן וואס זי האט דא פארבראכט, פילט זיך מרים גייסטיק דער־הויבן, פרישער און קרעפטיקער ווי ווען זי איז פון איר היים אוועקגעפארן. אפשר האט זי געדארפט בלייבן צו דער בר־מצוה? א שטימע אין איר האט געזאגט—ניין! זי וואלט אסתר׳ן מקנא געווען. זי איז איר מקנא געווען אויף איר לעבן די גאנצע צוויי וואכן פשוט אויף איר געמיט און גלויבן. איז בעסער פון ווייטנס איר ווינטשן גליק. אסתר איז עס ווערט: קיין שלעכטס האט זי צו קיינעם ניט געטאן. זי פרואווט וועקן דעם פארשלא־פענעם און טרייסטן דעם אומגליקלעכן.

מרים פארמאכט אירע אויגן. זי זעט איר ארעם, פארפייניקט לעבן. די געדאנקען לויפן אזוי שנעל ווי דער צוג. ווידער ווערט זי ארייגפאלן אין דעם גיהנום. שיקאגא איז איר ניט צום הארצן. נישטא קיין שום איב־האלט אדער פרייד. אלע גלידער ווילן רואיקייט. ניין, מרים וויל ניט אז די דאזיקע רייזע זאל זיך שנעל ענדיקן, זי וויל חלומען.

מרים עפנט אירע מידע אויגן און עס ווערט איר ליכטיק. דער צוג לויפט איצט פארביי דעם האדסאן ריווער. הויכע, ריזיקע בערג, א שיינער

זון אונטערגאַנג, אַ וואונדערלעכע זון וואָס וויל ניט פאַרגיין. געדיכטע וואָלקנס לויפן אויף איר אָן, אָבער די זון לאַכט אַרויס אַ שטאָלצע.

מרים גאַפט פון גאָט'ס שיינקייט און פאַרטיפט זיך אין איר פאַר־גאַנגענהייט...

## 17.

אסתר'ס זין האָבן זייער מוטער ליב געהאַט. זיי האָבן געוואוסט אַז דער פאָטער איז ניט געווען דער, וואָס זאָל זייער מוטער אויפמונטערן, דערמוטיקן. זיי האָבן באַדויערט טאַטע־מאַמע, טיף באַדויערט, אָבער העלפן ניט געקאָנט. עס איז געווען גוט צו טראַכטן אַז די מאַמע ווערט אָפּגעהיט פונם טאַטן שטילערהייט.

די זין האָבן גוט פאַרדינט. זייערע פרויען, אַמעריקאַנער געבוירענע, זיינען צו אסתר'ן געווען ליבלעך. זייערע היימען האָבן די שניר געפירט אויפן אידיש אַמעריקאַנישן שטייגער. די זין האָבן דערצויגן זייערע קינ־דער אין אידישן גייסט און איצט, ווען הערשל'ס זון ווערט 13 יאָר, גרייט ער אַ גראַנדיעזן יום־טוב און איז געקומען מיט זיין פאַמיליע זען טאַטע־מאַמע.

הערשל מיט זיין פרוי און קינדער, צוויי אינגלעך און צוויי מיי־דעלעך, זיינען צוגעפאָרן אין אַ גוטער מאַשין. דער עלטסטער אינגל, דער בר־מצוה בחור, פאַלט צו צו זיין באָבען מיט פרייד און דערציילט איר ווי זיין ראַביי לערנט אים די דרשה פאַר זיין בר־מצוה און ווי ער מעסט אָן זיינע תפילין און לערנט זיך דאַווענען: "באָבע, דו וועסט זען אַז איך וועל זיין אַ ראַביי, איך וויל עס זייער."

אסתר צעשמייכלט זיך ברייט. איר טוט הנאה וואָס דאָס אייניקל איז דער פאָדעם פון איר שטאַם. אויך די שנור אירע, לעאָנאָראַ, פרייט זיך וואָס פאַר אַ געראָטן קינד זי האָט. די אַנדערע אייניקלעך רינגלען אַרום זייער באָבען. דער זיידע איז אַציַנד ניטאָ, ער וועט באַלד קומען.

אַלע פרייען זיך ווען די באָבע זאָגט אָן אַז דזשייקאָב, איר אינגערער זון, מיט זיין פאַמיליע קומען אויך און עס וועט זיין גוט זיי צו האָבן אַלע פאַר וועטשערע.

דערווייל פרעגן איר אויס די קינדער ווי אַזוי זי פילט אין געזונט,

פאַרוואָס מען זעט זי אַזוי ווייניק, ווי פילט דער טאַטע, וואָס שרייבן ראָזע און פרענסיס, צי וועלן זיי קומען צו דעם יום־טוב וואָס איז, לויט זייער מיינונג אַלעמענס יום־טוב וויל מיר האָבן עס דערלעבט. אסתר׳ס טעכ־טער וואוינען אין דער וועסט און העראָלד דערציילט זיין מאַמען אַז ער האָט זיי געשיקט איינלאַדונגען.

העראָלד איז אַצינד גליקלעך. אסתר׳ס אויגן ווערן אָנגעפילט מיט טרערן. זי זיצט אינם וויכן שטול. דער זון, די שנור און די קינדער זיצן אַרום איר. זונטאָג קומען זיך אַלע צענויף. רואיק רעדט דער זון. ער איז דערפאָלגרייך און האָט ליב צוריידן פון זיין דערפאָלג. איר שנור האָט ליב איר זון, זי קוקט צו אים אַרויף. יאָ, דאָס איז לעבן. די פרוי דאַרף באַוואונדערן איר מאַן, דעמאָלט איז זי גליקלעך און צופרידן. אָבער זי, אסתר, איז דאָס קיינמאָל ניט געווען. זי האָלט אַצינד די אויגן פאַרמאַכט און קוקט מיט פאַרמאַכטע אויגן אין איר פאַרגאַנגענהייט.

ווער ווייסט וואו זי וואָלט אַצינד אָנגעשפּאַרט ווען איר מאַמע מאַכט זי נישט חתונה פאַרן ערשטן בחור. שלעכטע סחורה האָט אַ קליינעם פּריז, און אסתר׳ס מאַמע האָט איר געוואָלט אויסברייגגען. די מאַמע אירע פלעגט מורא האָבן פאַר איר אימפעט. — וואָס קען ווערן פון אַ מיידל אַז זי לויפט אַרום ביינאַכט? און בחורים לאָזן זי ניט אָפּ, און חתונה האָבן ווילן זיי ניט.

און אָט האָט איר גאָט צוגעשיקט אַזאַ מציאה וואָס, לויט איר מאַמע׳ס מיינונג, איז זי אים ניט ווערט געווען און ער נעמט זי ווי זי שטייט און גייט. איז פאַרוואָס זיך וואַרפן און זאָגן ״איך וויל ניט״, ווער דען וועט דיך וועלן? מיינסטו אין אמת׳ן אַז דיינע שיינע חברים ווילן חתונה האָבן? זיי ווילן בלויז שפּיל און דו ביזט שוין 15 יאָר אַ מויד און אויפן אויסקוק פיל עלטער, און קיין פאַרשוין ביזטו אויך ניט, א יתומה, אָן נדן, נאַקעט און באָרוועס מישטיינס געזאָגט. אָבי דו קענסט טאַנצן און דיינע שיינע חברים קענען טאַנצן, טאַקע מיט טאַנצן וועסטו קומען צו גאָט... טאַנצן און לויפן אין וואַלד, אַ בושה, אַ חרפּה, ווי צו מיינע יאָרן.

איר מאַמעס טרערן זיינען בייגעשטאַנען, האָט זי זיך געלאָזט חתונה מאַכן.

אסתר דערמאָנט זיך ווי זי האָט ליב געהאַט טאַנצן, און אַלע האָבן זי באַוואונדערט, אויסער איר מאַמע וועלכע האָט געדענקט אַז טאַנצן איז זייער מיאוס און מען טאָר ניט. קיין זאַך האָט איר די מאַמע ניט געלאָזט טאָן. איז טאַקע אפשר חתונה האָבן און נאָכדעם קענען אַלץ טאָן?

אַזוי האָט זיך אסתר געלאָזט חתונה מאַכן און אַזוי האָט זי געהאַט קינדער און דאָס לעבן איז תמיד געווען אַ מין קאָשמאַר פון מיספאַר־שטענדענישן. אַ הייסע מאַמע, אַ קאַלטע פרוי צו איר מאַן. צוויי לעבנס האָט זי תמיד געפירט און אין ביידע לעבנס געבליבן אַ קאַליקע, ווייל אסתר׳ס פאַרלאַנגען זיינען געווען ניט קיין באַפרידיקטע. נאָך דעם מאַנ׳ס אַוועקגיין אין דער מלחמה, און נאָכדעם ווען איר מאַמע שטאַרבט, בלייבט אסתר פריי און ווייסט מיט איר פרייהייט ניט וואָס צו טאָן.

אַלץ גיסט זיך צענויף צוזאַמען. די קינדער זיינען אַלע אין עס־צימער. זיי האָט זיך געדאַכט אַז די מאַמע איז איינגעשלאָפן. זי עפנט די אויגן, קוקט אין אירע פיר ווינקעלעך וואָס ווערן מיט די יאָרן איר אַלץ טייערער. זי טראַכט נאָכאַמאָל איבער איר לעבן און אירע פאַרגאַנגענע יאָרן, און איצט איז זי געקומען אַהיים... "גענוג—מורמלען אירע ליפּן—גאָט האָט מיך אויסגעהיט פון אַלעם בייזן, איז גענוג. איצט מוז איך צו־ריקגעווינען און אָפּהיטן דאָס וואָס איך וואָלט זיכער געקאָנט פאַרלירן. איך וויל זיין גוט, העלפן מענטשן אין זייער נויט, זיי אויפזוכן און דער־ציילן ווי מען קען זיך געפינען, עס איז דאָ צוליב וואָס צו לעבן. יאָ! אַ מענטש לעבט ניט תמיד בלויז צוליב טראַכטן פון זיך..."

זי וויינט, אָבער מען דאַרף ניט וויינען. אפשר איז עס פריידן טרערן? אסתר ווישט אויס די טרערן, שטעלט זיך אויף, גייט אַריין אין עס־צימער. די שנור האָט דעם טיש געגרייט.

באַלד דערהערן זיך טריט, לייבל קומט אַריין. ער פרעגט אויף דעם אינגערן זון, אָבער עס איז געווען איבעריק צו פרעגן. —רב יעקב — אַזוי האָבן זיי אים אין שפּאַס גערופן. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון זיין שול. געקומען איז ר׳ יעקב זייער ברייט, מיט כבוד, געקושט די מאַמע, דעם פאָטער, די שנור קושט זיך מיט דער שוויגער. אסתר קושט אירע אייניקלעך. זי איז גליקלעך מיטן נחת וואָס זי האָט פון אירע קינדער.

אסתר קוקט אויף איר פאַמיליע מיט פאַרלאָפענע אויגן ווען זיי זיצן אַלע ביים טיש. מען פאַרענדיקט דעם מאָלצייט, מען מאַכט פּלענער פאַר דער בר־מצוה וואָס וועט געפראַוועט ווערן אין אַ גרויסן האָטעל. די קינ־דער זיצן סטאַטעטשנע, שטיל, הערן זיך צו און קוקן מיט גרויס דרך ארץ אויף דעם בר־מצוה בחור וואָס וויל זיין אַ רב.

שיין דערציילט עמאַנועל פון זיין לערער וועלכער לערנט אים די דרשה. מיט באַגייסטערונג רעפּעטירט ער די דרשה. די באָבע אסתר

זאָגט: "זע, מיין קינד, דו זאָלסט ניט פאַרגעסן דיין בר־מצוה דרשה!"

עמאַנועל קוקט אויף זיין באָבע מיט חידוש און ענטפערט:

"ווי אַזוי, באָבע, וועל איך פאַרגעסן, ווען איך לערן אויף אויסווייניק?" זי דריקט דעם אייניקל צו זיך, קושט אים אין זיינע פרישע בעקעלעך און זאָגט: "דו וועסט זיין גרויס מיין קינד און דו וועסט ניט פאַרגעסן. זיי נאָר רואיק זונעלע." זי האָט זיך דעם גאַנצן טאָג געפרייט מיט די קינדער. אַלע אירע אברים האָבן שלום געמאַכט און זיך שוין מער ניט געקריגט.

## .18

פונקט ערב דער בר־מצוה איז באָריס פלוצלונג דערשינען. אסתר איז געבליבן שטום, קוים אַרויסגערעדט זיין נאָמען.

אסתר האָט אַריינגעבעטן באָריסן אין פראָנט צימער. אַלץ ווידער־האַלט זיך, איז איר אַ געדאַנק דורכגעלאָפן, אָבער גאָט צו דאַנקען, איך בין רואיק.

זי בעט אים זיצן. באָריס באַזעצט זיך ברייט אינם שטול. אסתר זיצט אויף דער סאָפע.ביידע שווייגן. באָריס רייסט איבער די שטילקייט. "פאַרוואָס שוויגסטו, אסתר?"

זי טוט זיך אַ צאַפּל, קוקט אים ווידער אָן און זאָגט: "וואָס האָב איך וואָס צו ריידן? איך בין די גאַנצע צייט געווען אויף איין אָרט. אויב רעדן, דאַרפסטו. דערצייל מיר וואו דו ביזט געווען, וואָס האָסטו געזען, געהערט."

באָריס דערציילט פון זיינע רייזעס זייער פיל. ער האָט באַזוכט איי־ראָפּע און אויך וויל ער איר דערציילן אַ נייס. פאַרוואָס זאָל זי זיך דער־וויסן פון אַנדערע? ער האָט חתונה געהאַט. די פאַסירונג גייט אַריין אין זיין רייזע. ער האָט זיך באַקענט אין פאַריז מיט זייער אַן אינטערעסאַנטער פרוי, אַ דאָקטאָר, און חתונה געהאַט. זי פאַרנעמט אַ פיינעם פאָסטן אַלס דאָקטאָר אין פאַריז.

אסתר איז געוואָרן בלייך. אירע אויגן צו דער ערד אַרונטערגעלאָזט, און ווען זי האָט נאָכדעם אויף באָריסן אַ קוק געטאָן, האָבן אירע אויגן געהאַט דעם אויסדרוק פון טיפע ליידן.

באַריס קוקט אויף אסתר'ן. דאָס שווייגן איר'ס האָט אים איבעראַשט.
"רעד עפּעס, אסתר."

"וואָס זאָל איך רעדן, באַריס, איך האָב מער קיין כח ניט. איך האָב געדאַרפט אַלעס פון מיין האַרצן אַרויסרייסן. עס איז געווען זיס צו זיין געליבט, צו טראַכטן פון עמיצן וואָס איז מיר טייער, האָבן דעם פאַרלאַנג צו זיין דאַרשטיק און צוצופאַלן צום קוואַל און שטילן דעם דורשט. בענקען נאָכן געליבטן, רופן אים אין חלום, זיך טוליען צו אים און ווערן פאַר־שיכורט פון זיינע קושן. דאָס אַלץ, באַריס איז פאַרשוואונדן. אין מיין אָרים לעבן האָב איך תמיד געקראָגן ניט דאָס וואָס איך האָב געוואָלט. איך האָב ניט געזינדיקט. איז דען אַ מענטש זינדיק ווען ער האָט געליבט?

"מיין אָרעם האַרץ האָט געבענקט, געוואָלט האָב איך זיין ווי מיינע שוועסטער זיינען געווען, פון מיין קינדהייט אָן לייד איך. איך האָב גע־בעטן גאָט ער זאָל מיך פון די דאָזיקע ליידן באַפרייען. פריער אין דער אַלטער היים, נאָכדעם אין אַמעריקע און איצט, מיט די יאָרן, פּרוּאוו איך זיך אַליין דערקענען.

"דו געדענקסט דיין עצה באַריס, איך זאָל זיך פאַרגעסן אין מיין איך? דאָס איז ניט מעגלעך. כל זמן אַ מענטש לעבט, הייבט ער אָן פון זיך, און ווען ער שטאַרבט, ווערט זיין "איך" פאַרשוואונדן. אין אַלעם געפינט דער מענטש זיין אָרימן "איך" פון וועלכן ער באַפרייט זיך ערשט דעמאָלט, ווען זיינע כחות פאַרלאָזן אים. מיר איז נאָך געבליבן כח זיך צו ווידמענען דער קולטור. דו וואָלסט געווען איבעראַשט, באַריס, ווען דו ווייסט וויפיל איך לייען, לערן און ברענג מיינע געדאַנקען אַרויס.

"דיר ווינטש איך גליק אין דיין נייעם לעבן. אונדז ביידן איז ניט געגאַנגען. אפשר וועסטו זיך געפינען אין דיין נייער פּאָזיציע אַלס פאַ־מיליע־מאַן. דערציייל מיר בעסער מער פון דיין פרוי."

באַריס דערציילט אסתר'ן אַז זיין פרויס ערשטער מאַן איז געווען אַ גרויסע פערזענלעכקייט. אין דער היטלער שחיטה איז ער אומגעבראַכט געוואָרן. ער דאַרף צוריקפאָרן קיין פּאַריז און דאָרטן פאַרבלייבן אַ לענגע־רע צייט און דאַן קומען מיט איר קיין אַמעריקע.

אין אַ רירנדן טאָן שילדערט באַריס די ליידן פון די אידן וואָס זייי־נען אין די לאַגערן און וויפיל אַרבעט מען מוז אַוועקגעבן זיי צו פאַרגרינ־גערן זייער לעבן. אַז זיי דערזעען אַ מענטשן פון די שטאַטן, ווילן זיי גאָר קיין אַמעריקע ניט פאָרן. דער איינציקער פאַרלאַנג זייערער איז ארץ ישראל.

עס זיינען דאָ זייער פיל פּראָבלעמען. מען מוז זיי העלפן זיך איינצואָרדענען אויפן פּלאַץ וואו זיי זיינען, אָבער נאָך די אַלע מאַטערנישן וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, זיינען זיי גייסטיק דערשלאָגן און ווילן אַוועק פון דעם לאַנד וואו זייערע נאָענטסטע און ליבסטע זיינען אומגעקומען. דעריבער מאַכט מען אַלע פּאַרזוכן זיי אַרויסנעמען פון די קעמפּס.

באָריס פרעגט אסתר'ן ווי איר גייט אין אַלגעמיין, וואָס מאַכן די קינדער, דער מאַן און בכלל בעט ער איר זיין מונטערער און אים אַלעס דערציילן.

אסתר ענטפערט שטיל אַז אַלע זיינען געזונט. דאָס עלטסטע אייניקל ווערט בר־מצוה און זיי גרייטן זיך צום יום־טוב. אירע ביידע טעכטער קומען צופאָרן.

„מיינע קינדער זיינען ניט ווי איך" — שמייכלט זי און שטעלט זיך אויף. זי וויל עפּעס צוגרייטן אַז באָריס זאָל עסן, אָבער ער וויל ניט בלייבן, זאָל זי זיך ניט באַמיען.

פּאַר מיטאָג איז ער איינגעלאָדן און מאָרגן פאַרלאָזט ער ניו־יאָרק. זיין אַרבעט איז אַצינד אַרומצופאָרן, רעדן און דערציילן. מאָרגן פאָרט ער קיין קליוולאַנד, שיקאַגאָ און נאָכדעם קאַליפאָרניע. געוואָלט דיך זען, אסתר. שרייבן וויסטו דאָך האָב איך ניט ליב. קלינגען אויפן טעלעפאָן, דיך איבעררעשן און דערנאָך צוליב סיבות ניט קאָנען קומען, איז ניט אָנגענעם. איז גוט אַזוי. דיך געטראָפן און וועל דיר ווינטשן גליק.

ליבלעך האָט באָריס געדריקט אסתר'ס האַנט, זי געקושט און ניט וואָרטנדיק אויף אַ וואָרט פון איר, האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז.

אַ צעטומעלטע איז אסתר געבליבן שטיין אין מיטן שטוב. די אומגעריכטע פּאַסירונג וואָס האָט ערשט געטראָפן, האָט איר אויסגעוויזן ווי אַ פּאַרזעצונג פון דעם אַמאָל. זי האָט זיך איצט געפונען אין אַ צושטאַנד וואָס מענטשן קריגן אין געוויסע מאָמענטן פון שווערע ליידן. זי האָט זיך געפילט נאָך מער פאַרלאָזן ווי אין יענעם אָוונט ווען וולאַסאָוו איז פאַרשוואונדן אויף זיין שיינעם פערד. זי האָט דערזען די וועלט אין אַזאַ ליכט ווי זי האָט זי נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען.

אין אָוונט, ווען לייבל איז געקומען פון זיין אַרבעט, האָט ער אסתרן געפונען אַ שלאָפנדיקע. אום ניט צו שטערן איר שלאָף, האָט ער זיך אַליין זיין עסן גענומען און געטראַכט, אַז לעצטנס האָט זיך זיין ווייב זייער פאַרענדערט. אַ שאָד וואָס זי פרעגט ניט קיין דאָקטאָר. זי האָט זיך

אָפּגעזונדערט פון אירע חברטעס, פון איר שוועגערן שיינדל, זיך גענומען צו פרומקייט. גאָט ווייס וואָס מיט איר איז...

שטיל איז ער ווידער אַריינגעקומען אין צימער. אסתר איז געווען וואַך, זיך געוואונדערט וואָס זי האָט ניט געהערט אים אַריינקומען. זי האָט דערציילט איר מאַן וועגן די צוגרייטונגען פאַרן יום־טוב און מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט אַז באָריס איז דאָ געווען.

## בר מצוה

אינם פיינסטן האָטעל פון ניו־יאָרק האָט אסתר׳ס זון געפייערט זיין זונ׳ס בר־מצוה. עלענאָראַ האָט גערופן אסתר׳ן "מאַמע", ליבלען "פּאַפּאַ", זיך געקלעפּט צו אירע שווער און שוויגער. איצט, צו איר זונ׳ס בר־מצוה, האָט די שנור געוויינט, ווייל איר טאַטע־מאַמע, נאָך גאָר יונגע מענטשן, זיינען ביי איר קינד׳ס שמחה ניטאָ. דערפאַר זיינען געקומען אסתר׳ס אַלע קינדער: דזשייקאָב מיט זיין פאַמיליע, שיינדל, איר מאַן הערשל מיט זייער טאָכטער. אַלע האָבן געפילט אַז דער יום־טוב איז אייגן און טייער. צוליב הערשל׳ס געשעפטן זיינען דאָ געווען געלאַדן זיינע גוטע פריינט. דער רבי וואָס האָט עמאַנועלן געלערנט די דרשה, איז זיך באַקוועם געזעסן אויף אַ הויכער שטול און גערעדט מיט דער באָבע "אסתר". אַ זייער קלוגער רב און האָט אסתר׳ן באַלד תופס געווען און איר אָפּגעגעבן כבוד און לויב פאַר אירע קינדער וואָס זיינען טייערע אידן, און אַז די קינדער פירן זיך אידיש, איז אין דעם שולדיק די מאַמע. זי איז די וואָס טראָגט אַריין דעם אידישן גייסט אין די קינדערס הערצער.

אסתר האָט געשמייכלט, זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צום רב, אים געלאָזט גלויבן אַז אין אַלעם איז שולדיק די מאַמע...

דער רב דערציילט אסתר׳ן פון זיינע דערפאַרונגען בנוגע אידישקייט. אסתר זעט אַז דער רב איז אַ וועלטלעכער מענטש, לאָזט זי אים רעדן, און ער רעדט פאַמעלעך און קלוג. זיין שיין ליכטיק פּנים איז באַשטראַלט פון אַ מין הייליקער ליכט. זיין באָרד ניט קיין לאַנגע, אָבער זייער שיין אויסגעקאַמט. ער רעדט מיט אסתר׳ן ניט ווי מיט אַ באָבע, נאָר ווי מיט זיינס אַ גלייכן, טיפע שטיקער תורה ציטירט ער פאַר איר, ווי עס איז וויכטיק פאַרן אידישן פאָלק אָנצוהאַלטן די אמונה. ארץ ישראל וועט אונדז

מאַכן פּאַר בכבודיקע אידן. מיר האָבן ניט געדינט גאָט ווי עס דאַרף זיין, זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פון אונדזער אידישקייט. און דענקט איר אַז די אידן פון ארץ ישראל זיינען בעסער? מיר רעדן צו זיי און זיי טוען וואָס זיי ווילן...

"אַ סך אידן האָבן געמיינט אַז מיטן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם צלם אלוקים, וועלן זיי ווערן גלייכע מענטשן. גלייך קען דער מענטש זיין גאַר דעמאָלט, ווען ער גיט אָפּ כבוד זיין שטאַם. מיר האָבן אונדזער שטאַם פאַר־ראַטן, זיך אויסגעטאָן פון אונדזער געטלעכן טראַכט, אַפילו גאָט וויל אונדז ניט דערקענען. ער האָט פון אונדז זיין קאָפּ אָפּגעקערט ווייל ער דערקענט ניט זיינע קינדער. זעט, ווייזט ער אָן מיטן פינגער, זעט גאָט׳ס שיינקייט וואָס עס הערשט איצט דאָ אין זאַל. אייער זון ווייסט אַז היינט ווערט זיין קינד אַלט 13 יאָר. ער טרעט אַריין אין זיין אייגן לעבן, איז שוין אַ מענטש פאַר זיך אַליין. און ווען אַלע אידן זאָלן אַזוי פילן און טראַכטן, וואָלטן מיר געהאַט פיל שיינקייט און כבוד.

אסתר האָט אַ קלוגן שמייכל געגעבן. דער רב האָט באַמערקט איר שמייכל און איז ניט געווען באַליידיקט. "איר שמייכלט, ליבע פרוי, אייך דאַכט זיך אויס אַז איך טרייב איבער, זאָג איך אייך אַז ניין. וואָלטן מיר ליב געהאַט גאָט ווי גאָט האָט געבאָטן, וואָלטן אונדזערע זינד קלענער געווען. ווייל זינדיק ווערט מען געבוירן. עס זיינען אָבער דאָ מצוהס די זינד אויסצוקויפן און גאָט איז שטאַרק און האָט ליב זיין פאָלק וואָס לויבט זיין נאָמען.

איר אַליין, ווי איך הער, זיינט פון דער ערשטער וועלט מלחמה דאָ מיט אייערע קינדער אַריבערגעקומען געזונט און שטאַרק. דאָס איז געווען דער ווילן פון גאָט. היטלער האָט פאַרטיליקט 6 מיליאָן אידן און דאָך קומען אַריבער אונדזערע שוועסטער און ברידער פון אַלע געטאָס. פונם גרע־סטען אומקום פון דער וואַרשעווער געטאָ זיינען געקומען מענטשן וואָס דערציילן פון דעם קדוש השם."

אסתר שטעלט אָפּ דעם רב מיט דער באַמערקונג, אַז די וואַרשעווער אידן זיינען דאָך יאָ געגאַנגען אין גאָט׳ס וועגן, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיי פאַרטיליקט?

דעם רבינס פנים ווערט טרויעריק. יאָ, זיי זיינען געגאַנגען אין גאָט׳ס וועגן, אָבער ניט געטאָן אָפט וואָס גאָט האָט געבאָטן צו טאָן. איז

דען סדום ניט איבערגעקערט געוואָרן צוליב שלעכטקייט? און האָט דען גאָט דעם מבול ניט אַרונטערגעשיקט צוליב רשעות וואָס מענטשן זיינען באַגאַנגען?

—לאָמיר האָפן אַז מיר וועלן נאָך דערלעבן צו זען די זון שיינען אויף אונדזער אידישן פאָלק ישראל — האָט אסתר געזאָגט.

דער עולם האָט אָנגעהויבן פאַרלאַנגען אַז די צערעמאָניע זאָל זיך אָנהייבן. דער זאַל איז געווען שיין פאַרפוצט, די טישן רייך געגרייט. דער רב איז איצט געווען נעבן דעם בר־מצוה בחור וואָס האָט געשטראַלט אין זיין שיינעם אָנצוג.

אסתר, אָנגעטאָן אין אַ פיין קלייד מיט לאַנגע אַרבל, איר קאָפּ פאַר־קאַמט מאָדיש, האָט אַרויסגעבראַכט איר עלעגאַנץ, זיך אומגעדרייט צווישן אירע קינדער און די מחותנים אַ פריידיקע. איר האַרץ האָט זיך באַהעפט מיט איר משפחה.

איצט האָט זי קיין שום אַנדער מחשבה ניט געהאַט אַחוץ צו זען גליק אויף אירע קינדער וואָס זיינען איר מיט אַזוי פיל שווערער מי אָנגעקומען. זי האָט זיי. גאָט האָט זיי איר געשענקט.

אַלע זיצן ביי די טישן. דער בר־מצוה בחור און זיינע עלטערן שטראַלן פון פרייד ווען דער רב רעדט און דערציילט פאַרוואָס מיר מאַכן די בר־מצוה. אסתר וויינט פון פרייד. זי האָט ליב צו הערן תורה און חכמה. און אויב זי האָט אַמאָל גאָט'ס וועגן פאַרזען, וויל זי האָפן אַז אירע קינ־דער און קינדס קינדער וועלן זיין בעסער ווי זי איז געווען.

זי הערט עמאַנועל'ס דרשה. חנעוודיק דערציילט ער דעם עולם אַז היינט ווערט ער אַלט 13 יאָר און טרעט אַריין אין דער וועלט פון רחמים. ער פאַרזיכערט די פאַרזאַמלטע אַז ער וועט זיין אַ גוטער זון צו זיינע עלטערן און אַ גוטער מענטש צו זיינע מיטמענטשן און איבערהויפּט אַ גוטער, ערלעכער איד צו זיין פאָלק.

די דרשה איז גוט אויסגעלערנט, און דאָס קינד פילט יעדעס וואָרט.

נאָך עמאַנועלן רעדט דער רב. ער רעדט זייער שיין און איבערהויפּט קורץ.

ווען די צערעמאָניע איז פאַראיבער האָבן זיך אַלע געסט מיט די מחותנים בראש געלאָזט וואוילגיין. די מוזיק האָט שיין געשפּילט, עס האָט זיך גיכער געפילט ווי אַ חסידישע חתונה. אַלע ביים טיש האָבן גערעדט,

ווער אידיש און ווער ענגליש. דער רב האָט באַוויזן זיין שאַרפן קאָפּ און אַלע האָבן זיך מיט פאַרגעניגן צוגעהערט צו די רייד פון אַ תלמוד חכם.

אסתר האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון זאַל, געקוקט אויף אירע קינדער, אויפן מאַן, אויף דער שוועגערן שיינדל מיט איר ברודער הערשל, אויף די שיינע שניר און אייניקלעך. אירע זין און טעכטער זיינען געווען באַרוישט פון היינטיקן יום־טוב.

— יאָ, מורמולט אסתר — גאָט האָט מיך ליב און מער וויל איך ניט פון אים.

זי בענטשט אירע קינדער, איר מאַן. אַט אַזוי וויל זי זאָל זיין ביזן סוף.

פלוצלונג האָט די מוזיק אויסגעשפּילט אַ אידיש חסידישן ניגון. אסתר האָט געטאַנצט מיט איר אייניקל און צו אסתר'ן זיינען צוגעשטאַנען די טעכטער, די זין, די שניר און דער מאַן. אַלע געסט האָבן געפּאַטשט בראַווא, באַוואונדערט די גליקלעכע פאַמיליע און זיי געוואונטשן גליק פון טיפן האַרצן.

אַט אַזוי האָט מען געהוליעט ביז פאַרטאָג און אַזוי האָט אסתר פאַר־ענדיגט איר טאָג־בוך. אַריינגעשריבן עטלעכע שורות אַז דאָס לעבן איז אַ גרויסע אחריות און אָפטמאָל איז עס געגליכן צו אַ ריזיקער שיף וואָס גייט אויפן ים. אָבער ווען די וועטערן זיינען גינסטיק, קומט די שיף צו צום ברעג.

סוף.

# חנה

## דערציילונג

נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג איז חנה געקומען קיין אַמעריקע צו איר מאַן שמואל׳יק. אין דער היים האָט מען שמואל׳יקן געגעבן דעם צונאָמען "דרייער", ווייל ער פלעגט זיך תמיד אַרומדרייען לײדיק. און איין מאָל האָט ער זיך אַ דריי געטאָן און מסתמא געוואָלט פאַרדינען פרנסה ווי אַלע אידן טוען, איז פון אַט־דעם דריי אַרויסגעקומען אַז שמואל׳יק האָט געמוזט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע.

חנה׳ן האָט ער דעמאָלט איבערגעלאָזן אין דער אַלטער היים, מיט פיר פיצלעך קינדער. אַלע אינגלעך, און דאָס פינפטע האָט בקרוב געדאַרפט געבוירן ווערן. באם געזעגענען האָט איר דער מאַן פאַרזיכערט, אַז באַלד ווי ער קומט אויפן אָרט, וועט ער זיך געבן אַ דריי און וועט זי תיכף ברענגען מיט די קינדער צו זיך. זאָרג זיך ניט חנה, וויין ניט, דו וועסט זען!

יאָ, חנה האָט טאַקע געזען, אַז באַלד ווי איר מאַן איז אַוועק, איז אויסגעבראָכן די מלחמה און זי האָט געבוירן דאָס פינפטע אינגעלע, אַ ברילִיאַנט. אָבער אַלע ברילִיאַנטן האָט מען געדאַרפט געבן עסן. אויף אַ געלעכטער פלעגט מען חנה׳ן רופן "חנה מיט די פינף זין". קיין געלעכטער איז עס ניט געווען. עס איז דער מאַמען געווען שווער צו האָדעווען פינף אינגלעך. האָט חנה געטאָן כל המינים עבודות: קאָכן פאַר פרעמדע, וואַשן פאָדלאָגעס, זיין אַ וואַכטערן, וואָס ניט? אַבי אירע קינדער זאָלן האָבן עסן. פּלוצלונג איז געקומען די רעוואָלוציע. אַ גליק, אַ פרייד, פטור געוואָרן פון קיסר. גיי ווייס, אַז אין אַ קורצער צייט שפּעטער וועלן אויסברעכן

פּאָגראָמען! ווי די היישעריקן זיינען די פּאָגראָמשטשיקעס אָנגעפּאַלן. חנה האָט זיך געראַטעוועט מיט אירע אינגלעך ווי אַ קאַץ מיט קעצעלעך. אַפילו די באַנדיטן האָבן אויף חנה'ן רחמנות געהאַט, זי גערופן "בעדנאַיאַ זשענ־שטשינאַ", און די אָרעמע חנה האָט געראַטעוועט אירע קינדער און זיך אַליין.

אַן אויסגעשעפּטע, אָבער ניט קיין פאַרביטערטע, האָט זי געטראָגן אירע קינדערלעך און מענטשן פלעגן איר באַוואונדערן, געמיינט אַז זי איז אַ גבור'טע. 30 יאָר איז דעמאָלט חנה אַלט געווען, אָבער דאָס יאָגעניש נאָכן שטיקל ברויט האָט זי געעלטערט פאַר דער צייט. דאָס לויפעניש פון די פּאָגראָמען און ווערן תמיד געראַטעוועט, איז געווען נסים.

פון איר שמואל'יקן האָט זי ניט געהערט, ווי אין וואַסער אַריין. אָבער דער נס איז געשען. חנה מיט אירע 5 זין זיינען געבליבן גאַנץ. אַרויס פון אַלע אומגליקן, פון אַלע בייזע שרעקן און אָנפאַלן. זי וואָלט זיך שוין גע־ווען, ווי מען זאָגט, איינגעשטעלט, גוט—שלעכט. פון קיין בעסער לעבן האָט חנה קיינמאָל ניט געוואוסט. ווי אַ פערד אין דער סאָכע איז זי תמיד געגאַנגען. פלוצלונג, אַ בריוו פון אַמעריקע, פון איר מאַן שמואל'יקן (סעם רופט ער זיך איצט). ער שרייבט איר אין בריוו אַז אויך ער איז אין אַמע־ריקע דורכגעגאַנגען קאַלט און וואַרעמס. איצט שיקט ער איר אַרויס קיין פוילן אויפן "היאַס" שיפסקאַרטן און געלט, און קום חנה מיט די קינדער צו מיר געזונט. ווידער פרעגט ער איר אין בריוו, אפשר איז דאָס פינפטע קינד אַ מיידעלע? חנה צעוויינט זיך ביטער באַ דער שורה. ניין, צו קיין מיידל איז זי ניט זוכה געווען, 5 זין. אונדזער מוטער חנה האָט געהאַט 7 זין, און זי האָט 5, זאָלן זיי געזונט זיין! טייערע קינדער. העלפן איר האָ־רעווען און טראָגן דעם יאָך.

עס איז געווען אין די יאָרן ווען די סאָוועטן האָבן זיך אָנגעהויבן איינשטעלן. קיין פּאָגראָמען זיינען טאַקע מער ניט געווען. די נויט איז אָבער געווען זייער גרויס. די קינדער ווילן צום טאַטן און דאָ פלוצלונג דאָס גוטע בריוועלע פון שמואל'יקן.

האָט חנה געפונען אַן אַגענט און אים צוגעזאָגט אָפּגילטן מיט דאָ־לאַרן אין פוילן און אַזוי האָט זי זיך געלאָזט קיין אַמעריקע.

געגנוג האָט זיך חנה אויסגעשטאַנען אויפן גרענעץ, נאָכהער גלות פוילן, אָבער חנה האָט דערגרייכט דאָס גאָלדענע לאַנד. געקומען צו איר

שמואל׳יקן און דערזען איר דרייקאָפּ, ווי זי פּלעגט אים אין איר האַרצן רופן, איז זי ניט געוואָרן איבערראַשט. דער זעלבער שמואל׳יק, אַ חוץ וואָס דאָ איז ער מיט אַ געגאָלטן פּנים, אָבער ער דרייט זיך דאָ אויך אויפן קאַרעק. ניטאָ קיין שום באַשטימטע פּרנסה. פרעגן אים האָט חנה ניט געוואָלט. שטילערהייט האָט זי זיך אויסגעווינט אויף איר ביטער מזל און זיך גענומען איינשטעלן און ווערן אַ באַלעבאָסטע.

אירע קינדער זיינען שוין געווען אונטערגעוואַקסן, זיינען זיי געגאַנגען אין אָוונט אין סקול און דורך די טעג געאַרבעט, געבראַכט דער מאַמען זייערע פאַרדינסטן וואָס האָבן געמאַכט ליכטיק אין שטוב.

חנה האָט געקאָכט, געררומט, זי איז געווען גליקלעך וואָס זי טוט עס פאַר אירע קינדער און פאַר איר מאַן וואָס פאַרט האָט ער זיי אויסגעלייזט פון אַ שווער לעבן. חנה שמייכלט שווער! וואָס איז דאָ: איז איר דען גרינגז אַז מען וויל צוריקריידן, איז איר גאָר לעצטנס דאַרטן געווען בעסער. אָבער דער געדאַנק אַז זי איז אַן עגונה, פלעגט איר פאַרביטערן דאָס לעבן. איצט האָט זי פאַרט איר מאַן, איר היים און זי איז גליקלעך ווען זי זעט אירע 5 זין, ליכטיקע, שיינע קינדער, וואָס צו זיי איז גאָר ניטאָ קיין גלייכן — אַזוי טראַכט די מאַמע.

און חנה געדענקט ניט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, ווען איר עלטסטער זון, לייזערל, (דאָ רופט מען אים לואי) איז געקומען אַ פאַררויטלטער און געזאָגט: „מאַ, איך גיי שוין אַרום אַ לענגערע צייט מיט אַמיידל און מירן גיין חתונה האָבן".

חנה׳ס פּנים לויכט אויף. זון מיינער, ברענג זי מיר אַהער, ברענג אירע עלטערן! לואי כמורעט זיך אַן, זיין מיידל האָט ניט קיין עלטערן. און מעגלעך די קומענדע וואָך וועלן זיי שוין חתונה האָבן. חנה צעווינט זיך פון נחת. גאָט צו דאַנקען, זי וועט חתונה מאַכן איר ערשטן זון. און ווען איר שמואל׳יק איז געקומען, און חנה, אַ דערפרייטע, דערציילט אים פון איר גרויס גליק, קוקט ער אויף איר מיט זיינע מוטנע אויגן און פרעגט זי צי זי האָט שוין געגרייט צום טיש...

דאָס האַרץ וויינט אין חנה׳ן. איר מאַן האָט צו די קינדער קיין שום פּאָטערלעך געפיל ניט. אודאי, ווען ער זאָל זיי געווען זען פּאַקן, מאַזלען און זיי פון אַנדערע שלאַפקייטן אַרויסנעמען, וואָלט געווען אַנדערש. שמואל׳יקל איז געקומען צום גרייטן.

חנה וויינט אין דער שטיל. זי איז אויפן מאַן ברוגז, אָבער זי גיט עס ניט אַרויס. ניטאָ צו וועמען צו ריידן. אַ צעטומעלטער מענטש. ברענגט דאָס ביסל פּרנסה און מיינט אַז ער מאַכט איר דערמיט גליקלעך, זעצט זיך צום טיש, רעדט נישט אויס קיין וואָרט. אָבער העלפן קען זי זיך ניט. מען מוז אָנהאַלטן די היים מיט די קינדער.

אָט אַזוי האָט חתונה געהאַט חנה׳ס עלטסטער זון און שפּעטער האָבן אַלע חתונה געהאַט. די צייט איז שנעל געלאָפן. אירע קינדער האָבן גע־נומען פיינע אַמעריקאַנער מיידלעך. אירע זין, בוימער, קיין עין הרע. חנה מיטן מאַן האָבן זיך געדרייט אויף די חתונות ווי פרעמדע מחותנים. זיי זיינען געווען פון דער אַלטער היים. די מחותנים האָבן אַלע גערעדט דעם גוטן ענגליש, איז ווי פּאַסן זיי זיך דאָ אַריין, אַלטמאָדישע טאַטע־מאַמע?

דער קלענסטער זון, משה׳לע, האָט גענומען אַ מיידל און חנה צאַפּלט. איר דוכט זיך אויס, אַז זי איז ניט קיין אידישע. חנה׳ן ווערט זייער אומע־טיק פון אירע קינדער, אָבער, גאָט צו דאַנקען, אַבי זי האָט זיי. זאָל זיין אַזוי. מען טאָר ניט זינדיקן!

פּלוצלונג איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. חנה׳ס אויגן האָבן צום הימל געקוקט, געבעטן גאָט, ער זאָל אירע תפילות דערהערן. און גאָט האָט איר געבעט פאַרנומען און חנה׳ס אַלע זין זיינען געבליבן גאַנץ, געקומען פון דער מלחמה אומבאַשעדיקט.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט חנה אירע אויגן זיך אויסוויי־נען. אָבער שאַ, צו וואָס נאָכאַמאָל דערציילן! אַלע מאַמעס האָבן דאָס זעלבע געטאָן. שלעכט נעבעך איז דער מאַמען, וואָס זי האָט ניט זוכה געווען אויסצואווייינען איר קינד!

איצט, נאָך דעם קריג, פילט זי זיך ווי נאָך אַ גרויסער קרענק. אויס־געמאַטערט.

חנה איז שוין קרוב צו 60 יאָר, אָדער אַריבער, ווער ווייס יאָרן! זי פילט צייטנווייז אַז זי לעבט שוין הונדערט יאָר. איר מאַן שמואל׳יק איז דער זעלבער. פליט, פליט, פרעגט אים בחרם וואו ער פליט. אַבי ער טו־מעלט זיך אָפּ דעם טאָג, פאַלט אַריין אין שטוב, עסט אָפּ, לייענט אַביסל און פאַלט שלאָפן. ניטאָ מיט וועמען אויסריידן אַ וואָרט.

אַמאָל פאַרגלוסט זיך חנה'ן גיין צו די קינדער. חנה האָט שוין אַרום 8 אייניקלעך. ברילִיאַנטן. אָבער זי איז פרעמד צווישן זיי און זיי זיינען פרעמד צו איר. די נעמען אַלע פאַרגוי'עשטע, זי קען צו זיי צומאָל ניט אויסריידן, ניט איר טאַטנס נאָמען, ניט איר מאַמעס נאָמען! אַי, אַי, אַי, ווען זי זאָל כאָטש געווען האָבן אַ טאָכטער?

איז אַנומעלטן האָט זיך חנה צערעדט מיט אַ פרוי, האָט איר יענע דערציילט פון איר טאָכטער, איז נאָך ערגער ווי בא איר. די טאָכטער בעט די מאַמען קומען, ווען איר מאַן איז ניטאָ אין דער היים. ער האָט ניט ליב די שוויגער. "טאָ קום, מאַמע, ווען ער איז ניטאָ." ווי געפעלט אייך אַזאַ קומען? פילט זיך חנה זייער שלעכט.

לעצטנס האָט חנה זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, וואָס וועט זי אויסזיצן אין שטוב און וואַרטן אויפן טויט? עס איז דאָ גענוג אַרבעט צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע. זי רעדט אָפט מיט די שכנים. יענע לויפן תמיד צו מי־טינגען. וועט זי אויך לויפן צו אַ מיטינג, וואו מען העלפט אַרויס די אָרעמע קינדער וואָס זיינען געבליבן היימלאָז, אָן עלטערן אַזוי ווי אויפן וואַסער.

חנה'ס האַרץ צעגייט פון ווייטיק, ווען דער רעדנער שילדערט די לאַגע און ווי עס איז נויטיק צו העלפן די קינדער אויף יענער זייט ים.

די ערשטע וואָס האָט עפּעס געזאָגט, איז געווען חנה. אירע פּראָסטע ווערטער האָבן אַלעמען גערירט ביז טרערן. חנה איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע פאַר העלפן בויען היימען און געבן די אומגליקלעכע קינדער די וואַרעמקייט אין וועלכער זיי נויטיקן זיך.

חנה האָט מיטאַמאָל געפונען דעם באָדן אונטער אירע פיס. זי העלפט מיט אַן אייגענעם דאָלער און אָפּטמאָל, אַ צעשטראָלטע, רעגט זי אָן אַנ־דערע צו געבן פאַר דער הייליקער אַרבעט.

חנה האָט זיך פלוצלונג דערפילט יונג. ווער האָט עס אויסגעטראַכט יאָרן? עלטער? זי פילט אַצינד צו אירע 60 יאָר אינגער ווי צו 30.

חנה איז תמיד געווען אַ גרויסע בריה און איצט קומט עס איר צו־נוץ. זי העלפט מאַכן שמחות וואָס טראָגן אַריין געלט. חנה פרייט זיך, ווען זי זעט אויף די אונטערנעמונגען, ווי מענטשן שטראָמען און זיי טראָגן אַריין פרייערלעכקייט. עס ווערט איר וואַרעם אויף דער נשמה פונם שיי־נעם געזאַנג, ווייל דער בעל שם טוב האָט אין זיין לערע געלערנט, אַז מיט געזאַנג און ליב וועט מען דערגרייכן גאָט.

און גאָט צו דאַנקען, חנה האָט דערגרייכט צו אירע עלטערע יאָרן זייער פיל. און איצט, אַז אירע קינדער דערמאָנען זיך אין זייער מאַמען און קלינגען אָן, טרעפן זיי דעם טאַטן. זיין ענטפער איז — די מאַמע איז אויף דער עלטער געוואָרן אַן אַרומלויפערן, זי האָט ניט קיין צייט, און קיין צייט האָט זי טאַקע ניט. אָבער זי לויפט אויף אַ ווײַלע אַריין צו דעם זון, צו אַ צווייטן. די קינדער דערקענען זי גאָרניט. זי דערציילט זיי פון איר אַרבעט, קריגט פון זיי עטלעכע דאָלער פאַרן הייליקן צוועק, און שוין, זי איז ניטאָ.

אָפטמאָל, ווען חנה קומט שפּעט אַהיים פון אַן אונטערנעמונג, הערט זי שמואל'יקן בורטשען. דעמאָלט שמייכלען אירע ליפּן און דאַנקען גאָט פאַרן חסד וואָס ער האָט מיט איר געטאָן און זי געבראַכט אויפן ריכטיקן וועג. זייער אָפט פאַלן ווערטער: ווער איז אָט די ענערגישע פרוי? חנה'ן קומען טרערן אין אירע אויגן. זי בענטשט דעם צופאַל, וואָס האָט זי גע־בראַכט אויף איר ריכטיקן פּלאַץ, פאַר קענען העלפן אויסנוצן איר ענער־גיע און זאָלן עס די היימלאָזע מענטשן פאַרנוצן געזונט!

חנה'ס פרייד איז ניט געווען צו באַשרייבן, ווען די אָרגאַניזאַציע האָט זי איינמאָל איבערראַשט מיט אַ יום־טוב פאַר איר איבערגעגעבענער אַרבעט. צו איר איבערראַשונג איז דעמאָלט קיין גרענעץ ניט געווען. פון וואַנען האָבן זיך גענומען אירע קינדער, איר מאַן שמואל'יק? ווער האָט זיי אויסגעזאָגט פונם היינטיקן יום־טוב?

חנה איז געזעסן אויבנאָן. איר מאַן מיט אירע זין און די שניר, אויסגעפּוצטע אין זייערע בעסטע קליידער. חנה אַליין האָט געשטראַלט פון גליק. איצט האָט זי דערגרייכט אירע קינדער. אויף זייערע חתונות זיינען חנה מיט איר מאַן געווען פרעמדע מענטשן און אויף איר שמחה זיינען אַלע אייגן און ליב. דעם יום־טוב וועט חנה אייביק געדענקען, ווייל די דערהויבונג איז געווען הימל־הויך.

אַזוי האָט זיך חנה געפונען אין אַמעריקע!

# גלאָריע

גשווידמעט אין ליכטיקן אָנדענק
פון אַלבערט בראַון

## אַ בילד
## פון
## דאָראַ שולנער

גלאָריע אַ מיידעלע פון אַ יאָר 14, מיט אַ זיס פּנימל, אַ שלאַנקע, לאַנגע בלאָנדע לאָקן, גרויסע בלויע אויגן, איז פלינק אין שטוב אַריינגעלאָפן, די ביכער אַ וואָרף געטאָן אויף דער סאָפע, צוגעפאַלן צו איר מאַמען, זי האַרציק אַרומגענומען און איר אַ שטאַרקן קוש געגעבן.

גלאָריע איז היינט געווען גליקלעך. היינט איז געווען איר ערשטער טאָג אין סקול נאָך איר וואַקאַציע. פאַר די זומער מאָנאַטן האָט זיך גלאָריע צו איר מאַמען זייער צוגעבונדן. מאַמע און טאָכטער האָבן אויסגעקוקט ווי צוויי שוועסטער. די מאַמע, שוואַרץ־חנעוודיק, אויגן פייער, צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ אַראָפּגעהאָנגען, אַ ליבלעך געשטאַלט, קושט איר טאָכטער, זי פרייט זיך וואָס איר גלאָריע איז אַזוי שיין געוואַקסן, בלאָנד ווי איר אַלבערט און פייערדיק ווי זי איז געווען אין גלאָריעס יאָרן.

זי טוליעט איר צו צום האַרצן און פרעגט זי צערטלעך צי זי האָט אים געזען. גלאָריעס פּנימל ווערט ליכטיק. יאָ, מאַמע, געזען, און ניט נאָר געזען, ער קומט היינט צו צו אונדז! און זי דערציילט דער מאַמען פון איר גרויס גליק. דזשעקי האָט זיך טאַקע מיט איר היינט איבערגעבעטן.

היינט אין סקול איז ער צו איר צוגעגאַנגען און זי אַליין איבערגעבעטן און איך אָוונט קומט ער צו איר.

נאָכאַמאָל קושט זי איר מאַמען, כאַפּט אַ טענצל און הייבט אָן צו־קלייבן די שטוב. אַלץ מוז היינט זיין שיין. דזשעקי קומט. זי כאַפּט איר קליין ברודערל משהלען, קושט אים שטאַרק. די מאַמע נעמט ביי איר צו דאָס קינד, הייסט דער טאַכטער ניט זיין אַזוי ווילד און גייט אַריין מיט משהלען אין עס־צימער.

גלאָריע'ס מאַמע סילוויע זעצט זיך אַוועק ביים טיש, האַלט משהלען אויף איר שויס און פאַרטיפט זיך אין איר פאַרגאַנגענהייט. זי שוועבט אַצינד אַריבער קיין וואַרשע. 14 יאָר איז סילוויע אַלט געווען ווען זי און איר מאַמע און נאָך 4 קלענערע קינדער הינטער איר זיינען געפאָרן צום טאַטען קיין אַמעריקע. עס איז געווען אין יענע שטורמדיקע טעג פון מלחמה, די ערשטע וועלט־מלחמה. סילוויע'ס טאַטע האָט איבערגעלאָזט איר מאַמע מיט 5 קליינע קינדער; זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער. מיט איר מאַמע איז סילוויע ניט געווען אַזוי חבר ווי גלאָריע איז מיט איר. ווער האָט זיך גאָר אינגאַנצן אויף איר אַרומגעקוקט. זי איז געוואַקסן ווי אַ וויל־דער פלאַנץ. איר טאַטע איז געווען אין אַמעריקע; די מאַמע אירע האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט. עס איז נישט געווען גענוג פאַר אַלעמען. צו אירע 14 יאָר איז שוין סילוויע געווען אַ דערוואַקסענער מענטש; מיט אַלעמען זיך אויסגעצעה'טעט; זי האָט ליב געהאַט איר מאַמען, אָבער איר דערציילן די מיידלשע סודות האָט זי זיך געשעמט.

אַז די צייט איז געקומען פון פאָרן קיין אַמעריקע און די מאַמע האָט פונעם ביסל געלט וואָס דער טאַטע האָט געשיקט אַלע קינדער אויס־געקליידט, איז סילוויע געווען אויפן זיבעטן הימל. זי איז ממש אויפגעריכט געוואָרן: אויפן שיף איז איר געווען גוט. זי האָט זיך אויסגעפּוצט מיט איר ביי קליידעלע אויפן ציגיינערישן אופן, פאַרפלאָכטן די שוואַרצע צעפּ און איז אַ פלאַמיקע געגאַנגען זוכן דעם בחור וואָס האָט זי פאַרכאַפּט אויפן שיף. זיין נאָמען איז געווען אַלבערט. אויף סילוויען האָט ער אין אָנהייב אַפילו ניט געוואָלט קוקן; ער איז געווען פיל עלטער פון איר. סילוויע איז אָבער געווען קלוג אויף איר שטייגער. זי האָט אים טאַקע געוואָלט זען אָבער זי האָט אים אויסגעמידן, זאָל ער זי בעסער זוכן. און אַלבערט האָט סיל־וויען טאַקע געזוכט.

סילוויעס בלוט האָט געכוואַליעט ווי דער ים ווען אַלבערט האָט מיט איר גערעדט. ער איז געווען דער שענסטער בחור פון אַלע בחורים אויפן שיף. זיך געשטאַלט איז געווען צו סילוויען געטלעך. זי האָט תמיד געחלומט פון אַ בלאָנדין און דער בלאָנדין איז צו איר געקומען. אַלבערט איז געווען אַ שיינער און אַחוץ זיין שיינקייט האָט ער פאַרמאָגט אַ פיינע שטימע. אַלבערט׳ס זינגען אויפן שיף האָט אַלעמען פאַרכאַפּט, איבער־הויפּט די מיידלעך. די מיידלעך האָבן אַלבערטן אַרומגערינגלט און אים אויף אַ מינוט ניט אָפּגעלאָזן. סילוויע האָט צווישן אַלע מיידלעך ניט געוואָלט זיין נאָך איינע. זי האָט געוואָלט זיין אַליין, איז ווי־זשע קען מען זיין מיט אַלבערטן אַליין? איז איר טאַקע געווען ניט גוט, מען קען זאָגן שלעכט.

שטיל פאַר זיך פלעגט סילוויע אים רופן בלאָנדער מלאך און אים ניט געגלויבט פון דאַנען אַהין. אָבער זיין וואונדערלעכע שטימע, זיינע שיינע לידער האָבן זי גע׳כישופ׳ט און ווען אַלע מיידלעך זיינען אַרום אים געזעסן איז סילוויע געשטאַנען אויף דעם דעק פון דער שיף, אַ ליכטיקע זון האָט געוואַרעמט, די שיף האָט געשניטן דעם ים; צו אירע אויערן האָבן זיך דערטראָגן די קלאַנגען פון זיין געזאַנג.

סילוויע גייט אויס פון בענקשאַפט, נאָך אַלבערטן. זי איז אַצינד מקנא גלאָריען וואָס זי קען זיך מיט איר טיילן. ניין, זי האָט זיך מיט קיינעם ניט געקענט טיילן אַחוץ וואָס זי האָט זיך געפּוצט און געוואָלט אים געפעלן. וואָלט באַטש סילוויע דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר. איז זי ערשט געווען 14 יאָר. טוט זי אָן אַ קליידעלע וואָס מאַכט איר אויסקוקן עלטער און זי שטייט און וואַרט אויף איר גליק.

אַ פּאָר מאָל האָט ער מיט איר גערעדט. ער האָט איר דערציילט אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע צו זיין טאַטען. זיין טאַטע איז אַ חזן. אַ גרויסער חזן. דער גרעסטער חזן אין ניו־יאָרק. אַלבערט האָט פאַר איר געזונגען זיין טאַטנ׳ס חזנישע געזאַנגען און נאָכגעמאַכט ווי זיין טאַטע בענטשט. סילוויע פרייט זיך מיטן בחור וואָס זיין נאָמען איז אַלבערט און רעדט מיט איר ווי מיט זיין גלייכן. אָבער באַלד זיינען אויסגעוואַקסן זיינע מיידלעך, האָט ער אין סילוויען ווידער פאַרגעסן.

און אַזוי לויפן איבער די טעג. אויפן שיף איז פריילעך און די שיף שווימט. קיין שטורמס זיינען אויפן ים ניט געווען. פאַמעלעך שניידט זיך די שיף נעענטער צו די ברעגן פון אַמעריקע. סילוויעס מאַמע איז נאָך זייער אַ יונגע. זעט זי ניט איר קינד׳ס בענקשאַפט. זי וואַרט, די מאַמע

אויף דער מינוט ווען איר מאַן וועט איר באַגעגענען. זיך אַרומכאַפּן מיט איר, זי בעט גאָט ער זאָל זי ברענגען צו איר מאַן.

און אַט געפינען זיי זיך שוין אין קעסטל־גאַרדן. אַ רעש, אַ געפּילדער. דער טאַטע פּאַלט דער מאַמען אויפן האַלז. קושט די קלענערע קינדער. אויף סילוויען קוקט דער טאַטע ווי אויף אַ גרויסער. פילט סילוויע גרויס דאַנקבאַרקייט צום טאַטען. ער נעמט זיי אַריין אין אַ גרויסן אויטאָמאָביל, אין דעם טומל פאַרלירט סילוויע פון די אויגן אַלבערטן. זי זוכט אים מיט די אויגן אין דרויסן. ביין, זי זעט אים ניט. איר בחור איז פאַרשוואונדן. דער טאַטע ברענגט זיי אין אַ שיינער היים וואָס ער האָט פאַר זיי פאַרגרייט. די מאַמע מיט די קינדער זייגען גליקלעך. סילוויע הייבט אָן גיין באַנאַכט אין סקול; בייטאָג אַרבעט זי אין אַ פאַבריק. פון איר בחור טראַכט זיך תמיד. זי געדענקט אַז ווען איר מאַמע האָט זיך איינמאָל געוואָרפן קאָרטן פון אַ טרעפעריין, האָט די טרעפעריין שוין סילוויען אויך געטראָפן, אַז איינעם ערשטן בחור וואָס זי וועט זיך פאַרליבן, וועט דער דאָזיקער בחור שוין ווערן איר מאַן. טאָ, וואו־זשע איז ער?

סילוויע שמייכלט, זי קוקט אין דער ווייטקייט און זעט אַ שבת ווען זי און אירע אַ חברטע זייגען זיך געגאַנגען קויפן אַ מאַנטל און ווי זי קומט אַריין אין געשעפט טרעפט זי דאָרט איר בחור.ביידע בלייבן פאַרגאַפט.

ער כאַפּט זיך אַרום מיט סילוויען און דערציילט איר אַז ער אַרבעט דאָ ביי זיין ברודער אין געשעפט. דאָס איז זיין ברודער׳ס געשעפט. סילוויע קוועלט. זי האַלט אים פאַרן האַנט און פרעגט אים צום וויפלטן מאָל צי ער האָט זי דערקענט. איין קליינינקייט, ער האָט גאָר תמיד די גאַנצע צייט געטראַכט פון איר. זי רויטלט זיך נאָך אַצינד ווען זי דערמאָנט זיך ווי קלוג זי איז געווען אים איינצולאַדן צו איר אַהיים און ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

סילוויע זעצט איבער משה׳לען פון איין האַנט אויף דער צווייטער. זי קוקט ווידער אַריין אין איר פאַרגאַנגענהייט ווי אין אַן אָפענער טיר פון איר גליק. יאָ, יאָ, אַלבערט איז טאַקע געווען איר באַשערטער. עס האָט לאַנג ניט גענומען און ער האָט איר געזאָגט ווי פאַרליבט ער איז אין איר און סילוויע האָט זיין ליבע אָנגענומען.

עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ שיינע חתונה. אַלע אירע וואַרשעווער לאַנדסלייט זייגען געווען, איר טאַטע, איר מאַמע, די שענסטע כלה

איז סילוויע געווען. און איר חופה קלייד, אַלץ איז געווען שיין. אַלבערט איז געווען איר גליק. נאָך דער חתונה איז איר גליק ווי מיט אַ כישוף פאַרשוואונדן. אַלבערטס געזונט איז ניט געווען אין אָרדנונג.

אויף די ימים טובים האָט זי אַלבערט גענומען צו זיינע עלטערן. אין האַרלעם האָבן זיינע עלטערן געוואוינט. זי איז געגאַנגען מיט אַלבערטן אין שול וואו זיין טאַטע דער חזן האָט געדאַוונט.

אַלבערט, האָט זיך איר אויסגעוויזן, זינגט נאָך שענער פון זיין טאַטען. זיין טאַטע איז געגאַנגען מיט אַ יאַרמעלקע, מיט אַ קיטל, אַלבערט איז אויך אַזוי געגאַנגען אָנגעטאָן. זיינע בלאָנדע געקרויזטע האָר זעען צו איר אויס ווי גאָלד. ער זאָל נאָר זיין געזונט.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז געקומען גלאָריע. איבגאַנצן אַריינגעראָטן אין טאַטען. סילוויע איז באַרוישט געווען פון איר גליק. אַלבערט איז קאַפּריזנע. אָבער זי האָט אים אַלץ ליב. און בעט תמיד גאָט ער זאָל זיין געזונט. לאָזט אים אומעדום גיין, ווי ער וויל. ער גייט אַליין, זאָל אים זיין צו געזונט.

מיט 12 יאָר שפּעטער איז געקומען משהלע. זי קושט משהלעס קעפּעלע און גרויסע טרערן ווי פּערל פאַלן פון אירע אויגן אויף משה׳לעס געקרויזטע האָר. זי זעצט דאָס קינד אַנידער אויפן בענקעלע און נעמט זיך גרייטן אָוונט־ברויט.

באַלד קומט אַלבערט. אַלבערט פאַרדינט ניט שלעכט. אָבער לעצטנס איז ער זייער ניט געזונט; אַלע צרות פון דער איצטיקער צייט ליגן אויף זיין קאָפּ; איבערהויפּט איז ער נערוועז ווען ער לייענט די צייטונגען, וואָס מען טוט אַזוי פיל שלעכטס זיינע אומגליקלעכע ברידער אין פוילן. סילוויען טוט אויך וויי, אָבער זיך אַזוי אָוועקלייגן טאָר מען ניט, און אַז זי זאָגט אים, ווערט ער אויפגעקאָכט. איז בעסער גאָר פאַר סילוויען שווייגן. זי שווייגט שוין אַביסל צו פיל. רייד וועלן דען העלפן?

אָבער היינט איז דאָ פרייד. איר גלאָריע׳ס פריינד קומט. די מאַמע מיט דער טאָכטער האַלטן זיך אַצינד אַן עצה ווי צוצוגרייטן דעם טאַטען אַז היינט וועלן זיי האָבן אַ גאַסט.

עס דערהערן זיך טריט. אַלבערט קומט אַריין. גריסט דאָס ווייב, קושט משהלען. ער פרעגט גלאָריען ווי איז געגאַנגען דער ערשטער טאָג אין שול. די מאַמע ענטפערט פאַר דער טאָכטער. זי זאָגט: ״דו ווייסט,

אַלבערט, היינט קומט אַרויף צו אונדזער גלאָריען איר פריינד דזשעקי". אַלבערט גלאָצט אויס די אויגן, קוקט אויפן ווייב מיט דער טאָכטער, דער־שטוינט און הייסט עס איר זאָגן נאָכאַמאָל, וואָס האָסטו געזאָגט, סילוויע, וואָס מיינסטו אַז דזשעקי קומט צו גלאָריען? וואָס איז דאָס פאַר אַ דזשעקי? ווער איז ער? דו ווייסט אַז גלאָריע איז ערשט אַלט 14 יאָר?

גלאָריע ווערט פאַרצווייפלט. פאַרוואָס, פאָ, פאַרוואָס געפעלט דיר ניט דזשעקי? איז ניט שיין צו ברענגען אַ פריינד וואָס איך האָב ליב? און אַ וויינענדיקע לויפט זי אַריין אין צווייטן צימער.

סילוויע גייט צו צו איר מאַן, נעמט אים אַן פאַרביידע הענט, קוקט אים טיף אַריין אין זיינע אויגן, אין די אויגן אין וועלכע זי איז נאָך אַצינד שטאַרק פאַרליבט, און פרעגט אים מיט אַ ציטערדיקער שטימע: אַלבערט, דו געדענקסט וויפיל איך בין אַלט געווען ווען איך האָב אויף דיר געוואַרט? אַלבערט איז געשטאַנען נאָענט לעבן זיין ווייב, געקוקט אין איר חנ'עוודיק פנים, זי צערטלעך אַרומגענומען און אויסגעקושט אירע שוואַרצע אויגן. איצט האָט אַלבערט דערפילט אַ פרייד אין אַלע זיינע גלידער. ער איז גליקלעך וואָס זיין סילוויע קען זיין אַ מאַמע. זי האָט ליב אירע קינדער. ער קומט אַריין אין עס־צימער. גלאָריע איז שוין צוריק דעם טאַטענס טאָכטער. פריידיקע זעצן זיי זיך צום טיש עסן זייער אָוונט־ברויט. משהלע איז ביים טיש דער העלד פונעם טאָג. אַלע זיינען אַצינד פריילעך. גלאָריעס פרייד האָט אַלעמען געבראַכט אַ ליבע זעליגקייט.

## דאַנק אויסדריק

פון

# דאָראַ שולנער בוך קאָמיטעט

ז. ב. קאמייקאַ, ערן־פאָרזיצער
בײלקע בלום, פינאַנץ סעקר.
דזשעני מאטעל, פאָרזיצערין
העלען לואיס, רעק. סעקר.
מיני פרידמאַן, וױצע פאָרז.
בעלע שאַפּיראָ, קאַסירערין

ספּאָנסאָרס:

נ. קראָוויץ, חזן און פרוי ל. שעלינסקי, סאַניע מינטשין, מיס יודעל, מנוחה גודמאַן, דזשענעװיװ װײנשטיק, לאה און מאָריס מייסאַן, דזשעני רוטענבערג, דזשעני באָרנשטיין, פרידע סיידאָוו, רבקה יאַסנאָף, רבקה מישקין, ראָוז קעטשער, דוד קאַפּלאַן, איװאַ לעווין, חוה סמאָלער, מאָריס סמאָלער, מרים סעקס, פּעני הייקין, מרס. ה. ל. מייטעס, בעקי בראון, נעטי קובערניק, מ. פליישמאַן, לאה סניידער, שרה הוירש און שפרה מאָלטעק— שיקאַגאָ. סעם קיפּניס—פלאָרידא. ראָזע סייפין, שרה קריינדל, ב. סטאָר, פריינדלעך, גאָלדבערג—נויאָרק. בערטאַ בעל, שיינדל טולסקי, אַנאַ שווארץ, סילבערטס, קעסלער, גאַרדנער, גרין, פרידא וויינער, ל. העלפאַנד—טעקסעס. מישע, נחמקע און זכריה—דעטראָיט. טביה און עטל סאַוואל, מערי מען, מאַניע סימאָן, יוסף אוועצקי, סעם גוטלין—לאָס־אַנדזשעלעס. איידאַ אייזנ־שטיין, סאָניע גאָלדמאַן, יהודית גאָלדבערג—פּאַטאַלומאַ, קאל. דאָראַ דושין, ראשע דושין—נעשוויל, טענעסי. לייזער און ראָכצע שאַפּיראָ, מייק שאַ־פּיראָ און מאַרקוס שאַפּיראָ, ראָזע סינגער—מילוואָקי. יעקב קראָן, מענדעל באָרענשטיין און ראָוז שמידל.

י. ל. פּרץ לייען־קרייז, שיקאַגאָ.

לאַנדסמאַנשאַפטן: ראַדאָמישלער, קיעווער, זשיטאָמירער, קאָרע־סטישעווער, נאַראָדיטשער, מילטשינער, לאָהישינער, באַבראָיסקער, מאַ־לינער, טשעכאַנאָווער און ברוסילאָווער.

אַ האַרציקן דאַנק פאַר מיטהעלפן אַרויסגעבן דעם בוך.

### דאָראַ שולנער בוך קאָמיטעט

שיקאַגאָ, 1949.

